# די יודישע פאַמיליע

## אַ מאָנאַטליכער זשורנאַל
## פיר ליטעראטור און וויסענשאפט.

פערלאַג: חברת „אחיאסף".

סיון תרס"ב. * זעכסטעס העפט. * JUNI 1902.

## אינהאלט:




אבאנאמענטס-פרייז

פיר עסטרייך-אונגארן:

יעהרליך . . . . —.10 קראָנען

האַלביעהרליך . . . —.5 „

פיערטיליעהרליך . 2.50 „

איין איינצעלט העפט 80 העללער.

פרייז פאַר די יעהרליכע אבאָנענטען פון רער צייטונג „דער יוד": נור — 3½ קראָנען (מיט פאָרטאָ) (3 מאַרק, 3 שיללינג, 4 פראַנק).

דער פרייז פיר רוסלאַנד:

גאַנץ-יעהרליך . . . . 4 רובל

האַלביעהרליך . . . . 2 „

פיערטיליעהרליך . . . 1 „

פאַר די יעהרליכע אבאָנענטען פון דער צייטונג „דער יוד": נור 1 רובל (מיט פאָרטאָ 1.50).

פרייז פיר יערעס העפט — 40 ק.

---

פרייז פון מודעות:

1 זייטע 20 רובל, ½ זייטע 12 ר.

¼ זייטע 6 רובל, ⅛ זייטע 3 ר.

אדרעסע:

Administration „Die Jüdische Familie"
Krakau, Gertrudy 16.

פיר רוסלאַנד:

Изд. Ахіасафъ, Варшава.

קראקא

דרוק פאַן יוסף פישער (גראָדגאַססע 62).

# די אבטהיילונג

## (ОТДѢЛЕНІЕ)

פון „אחיאסף"'ס בוכהאנדלונג, אין ווארשא אויף דער
נאלעווקי שטראססע אין באזאר איוואנאָוו

איז פערוועהען מיט איין גרויסען אויסוואהל פון פערשיעדענע **יודישע ספרים** אין פערשיעדענע שפראכען: (העברע־איש, רוסיש, דייטש, פאלניש און זשארגאָן) ◆ פון פערשיעדענע (общія книги) **אלגעמיינע ספרים** (הויפטזעכליך אים רוסישען) ◆ **ספרי־למוד** (учебники) ◆ **בילדער** (יודישע און אלגעמיינע) (אין גרויסען פאָרמאט אויף דער וואנד אויפצוהענגען) (פון יודישען לעבען) ◆ **יודישע אנזיכטס־קארטען** (иллюстр. откр. письма) (קינסטליכע ארבייטען), און **אלבו־מען צו אנזיכטס־קארטען** (מיט העברע־אישע אויפשריפטען) אויך אלבומען מיט גרוי־סע בילדער (מיט העברעאישע אויפשריפטען).

פעסטע פרייזע
— רעעלסטע בעהאנדלונג. —
שנעלסטע אויספיהרונג דער בעשטעלונגען.

דאָרט אין בוכהאנדלונג ווערט אויך אָנגענומען אבאָ־נאמענט (подписка) אויף די צייטונגען און זשור־נאלען: „השלח" ◆ „דער יוד" ◆ „די יודישע פאמיליע" ◆ „המליץ" ◆ „הצפירה" ◆ „עולם קטן" ◆ „השבוע" ◆ „PALÄSTINA" ◆ „OST u. WEST" ◆ „DIE WELT" ◆ „IZRAE- ◆ „LITA" ◆ „WSCHÓD" ◆ „БУДУЩНОСТЬ" ◆ „ВОСХОДЪ" ◆ „L'ECHO SIONISTE".

אלץ צו רעדאקציאָנס פרייזען.
פּאָסט־פּאָרטאָ (וואָס קאָסט דאָס געלד אָב־
שיקען אין די רעדאקציעס) אויף רעכנונג
פון דעם בוכהאנדעל.

אויסשליעסליכער פערקויף פיר גאנץ פוילען פון קליינע סידורים מיט פאלנישער איבערזעטצונג אין פראכטפאללע בענדער, צו בילליגע פרייזען.

Книжный магазинъ „Издательства Ахіасафъ", Варшава,
Налевки, Ивановскій базаръ.

# פראָפּעסאָר דעליטש: בָּבֶל און ביבעל.

די יודען אין א"י ישראל האָבען פאַר צייטען ניט געלעבט גאַנץ אָבגעזונדערט פון דער גאַנצער איבריגער וועלט. זיי זענען תמיד געשטאַנען אין פערקעהר מיט פיעל אַנדערע פעלקער, וואָס האָבען געוואָהנט ביי זיי אין לאַנד אָדער אין זייער שכנות. אין תנ"ך געפינען מיר טאַקי די נעמען פון פיעל קליינע און גרויסע פעלקער, מיט וועלכע די יודען האָבען געהאַט געשעפטען, געלעבט אין פריינדשאַפט אָדער געפיהרט מלחמות. פון דער תורה ווייסען מיר אויך פון די גרויסע פעלקער אשור, בבל און מצרים. ביז די לעצטע צעהנדלינגע יאָהרען האָבען מיר פון די אַלע פעלקער געוואוסט כמעט נור פון אונזער תנ"ך אַליין, ווייל די גריכישע און רעמישע ספרים געהערען שוין אַלע צו אַ סך שפּעטערער צייט. עס זענען אַוועק טויזענדער יאָהרען, און די אַלע פעלקער, וואָס האָבען געלעבט אַמאָל אין ארץ ישראל און אין די אַרומיגע לענדער, זענען אונטערגעגאַנגען, פערשוואונדען געוואָרען פון דער ערד. עס זענען אָבגעשטאָרבען ווי די קליינע אַזוי אויך די גרויסע פעלקער. וואָס האָבען געפיהרט מלחמות, איינגענומען גרויסע און ווייטע לענדער. פון דעם פאָלק מצרים, וואָס האָט געהאַט א טרוקען, שטיינערנעס לאַנד, זענען איבערגעבליבען פיעל גרויסע שטיינערנע טעמפּלען מיט גרויסע שטיינערנע מצבות, וועלכע האָבען עדות געזאָגט מיט זייערע פיעל אויפשריפטען, אויף שטיינער אָדער אויף לייווענט, פון דעם אַמאָליגען לעבען פון אַ גרויסער נאַציאָן. אשור און בבל. וואָס האָבען געוואָהנט צווישען די טייכען פרת און חדקל, אין מזרח־זייט פון ארץ ישראל, האָבען געהאַט אַ ליימעדיגע ערד, און זיי האָבען זייערע טעמפּלען און שטעדט געקאָנט בויען נור פון ציגעל. מיט דער צייט זענען זייערע טעמפּלען, הייזער און שטעדט איינגעפאַלען און פערשאטען געוואָרען. אויסגראָבענדיג די בערג געפינט מען הורבות פון שטעדט, פון פעסטונגען, פאַלאַצען און טעמפּלען, מען געפינט אין זיי אויך גאַנצע ביבליאָטהעקען פון שריפטען, וועלכע זענען אויסגעקריצט אויף ליימענע טאָוולען.

די ביבליאָטהעקען און די שריפטען פון מצרים, אשור און בבל האָבען אָבער געדאַרפט ערפאָרשט ווערען, און דאָס איז ניט געוועזען קיין גרינגע אַרבייט. ערשטענס האָט מען ניט פערשטאַנען די אותיות פון זייערע שריפטען: די שריפטען פון מצרים

ענען בעשטאַנען פֿון בילדער, און די שריפֿטען פֿון אשור און בבל פֿין צוזאַמענגע־שטעלטע אויסגעקריצטע קלינעס; צווייטענס האָט מען אויך זייערע שפּראַכען ניט פֿערשטאַנען, ווייל די פֿעלקער זענען אונטערגעגאַנגען און זייערע שפּראַכען זענען אין גאַנצען פֿערגעסען געוואָרען. נאָר אַ דאַנק דער מיה פֿון פֿיעל הונדערטער געלעהרטע איז געפֿונען געוואָרען אַ שליסעל צו די שריפֿטען פֿון מצרים און בבל. די געלערנטע ספּעציאַליסטען לעזען זיי איצט גרינג. אין פֿין די דאָזיגע שריפֿטען שטעהט איצט אויף פֿאַר אונז אַ נייע וועלט. מיר דערוויסען זיך ווענען פֿיעל זאַכען פֿון דעם אַמאָ־ליגען לעבען. עס ווערען אונז פֿערענטפֿערט פֿיעל פֿראַגען און פֿיעל רעטענישען פֿין דער אַלטער היסטאָריע. דורך די עדפֿאָרשונגען אין מצרים, אשור און בבל הויבען מיר ערשט אָן צו פֿערשטעהן פֿיעל שטעלען אין תנ״ך, וועלכע זענען ביז איצט אונז ניט קלאָר געווען. מיר בעקומען פֿון די דאָזיגע שריפֿטען אויך פֿיעל נייעס פֿאַר די אַלטע יודישע געשיכטע, ווייל מיר געפֿינען אין זיי ניט זעלטען די בעשרייבונג פֿון געשעהענישען, וואָס זענען נוגע יודישע מלכים אָדער דאָס יודישע לאַנד.

אויף די אויסגראַבונגען און ערפֿאָרשונגען אין דעם אַלטען מזרח זענען אויס־געגעבען געוואָרען מיליאָנען און פֿערוועגדעט געוואָרען צייט און אַרבייט פֿון הונדערטער געלעהרטע. עס זענען איצט פֿאַרהאַן בעזונדערע וויסענשאַפֿטען איבער מצרים און איבער בבל. מיט זיי פֿערנעהמען זיך דערהויפּט די דייטשען און ענגלענדער, וועלכע אינטערעסירען זיך מעהר פֿאַר אַלע אַנדער־ע פֿעלקער מיט דעם תנ״ך און מיט דער אַלטער געשיכטע. פֿאַר אונז יודען אָבער האָבען די דאָזיגע ערפֿאָרשונגען אַ סך אַ גרעסערען ווערט ווי פֿאַר די קריסטליכע פֿעלקער, ווייל די אַלע פֿאָרשונגען וואַרפֿען פֿיעל ליכט אויף אונזער לאַנד, אויף אונזער תנ״ך און אויף אונזער גע־שיכטע. די אַלע פֿאָרשונגען ווערען בעאַרבייטעט פֿון ספּעציאַליסטען, און זיי זענען דאָס רוב פֿאַר דאָס גרויסע פּובליקום ניט פֿערשטענדליך. נאָר איצט ווערען אַלץ עפּטער געמאַכט די בעמיהונגען אויך די גרויסע וועלט בעקאַנט צו מאַכען מיט די רעזולטאַטען פֿון די פֿאָרשונגען אין מזרח.

דער בעריהמטער פֿאָרשער איבער בבל, הערר פֿריעדריך דעליטש האָט איצט געהאַלטען איין פֿאָרטראַג אין בערלין אונטער דעם נאָמען „באַבעל און ביבעל“. זיין פֿאָרטראַג האָט צוגעצויגען אַלע געבילדעטע פֿון בערלין. אויך דער קייזער ווילהעלם איז געקומען הערען דעם פֿאָרטראַג. דעליטש איז אויך דערנאָך איינגעלאַדען געוואָרען צו האַלטען אַ צווייטעס מאָל זיין פֿאָרטראַג אין קעניגליכען פּאַלאַץ.

מיט דעם אינהאַלט פֿין דעם אינטערעסאַנטען פֿאָרטראַג איבער בבל און די ביבעל וועלען מיר דאָ בעקאַנט מאַכען אונזערע לעזער.

---

צי וואָס דאַרף מען, פֿרעגט דעליטש, די פֿיעל מיה, וועלכע מען פֿערוועגדעט אויף די חקירות אין די ווייטע לענדער? צו וואָס זענען די אויסגראַבונגען אין דער ערד, וואו מען קען ניט געפֿינען ניט קיין גאָלד, ניט קיין זילבער און ניט קיין אַנדערע טהייערע שטיינער? צו וואָס איז אַזאַ גרויס געוועט צווישען איין פֿאָלק און דעם

אַנדערען איבער די אויסגראבונגען, וואָס ווערען געמאַכט אין די פערשאָטענע חורבות און בערג? פאַר וואָס איז אומעטום אַזוי שטאַרק דאָס אינטערעס צו די אַלטע לענדער אשור און בבל?

אויף די אַלע פראַגען, זאָגט דעליטש, געפינען מיר אַ תשובה אין דעם אינ־טערעס, וואָס עס האָבען צום תנ"ך אַלע פעלקער פון דער וועלט. נינוה און בבל, נמרוד און בלשאצר זענען שוין פון אונזער קינדהייט אָן פערשלייערט מיט אַ בעז־זונדער ליעבליכען צויבער, מיט וועלכען זיי ציהען אונז צו צו זיך. ווי וויכטיג עס איז ניט פאַר אונז די געשיכטע פון אשור און בבל, וואָלטען מיר פון דעסטוועגען זיך ניט אַזוי שטאַרק אינטערעסירט מיט איהר, ווען די נעמען פון אמרפל און סנחריב וואָלטען אונז ניט בעקאַנט געוועזען פון אונזערע ערשטע יאָהרען אָן, צו אונזערע זכרונות פון די יונגע יאָהרען, וועלכע זענען אונז אַזוי טייער, קומען אָבער שפּעטער צו וויכטיגע וויסענשאַפטליכע פראַגען און דאָס וויסענשאַפטליכע בעדערפעניש צו געפינען אַ צוזאַמענהאַנג צווישען דעם לעבען, ווי עס איז אונז בעשריבען אין דער ביבעל, מיט דעם לעבען, וועלכעס עס איז ענטשטאַנען דערנאָך. מיט דער דאָזיגער פראַגע איז פעראינטערעסירט די גאַנצע געבילדעטע וועלט. און הונדערטער קריסטליכע געלעהרטע אין דייטשלאַנד, ענגלאַנד און אַמעריקאַ פערנעהמען זיך מיט דער ערפאָר־שונג פון דער יודישער ביבעל און מיט דער געשיכטע פון די אַלטע פעלקער. דערפאַר האָט מען ניט אומזיסט אָנגערופען די דריי דאָזיגע לענדער „ביבעל־לענדער". די ער־פאָרשונגען האָבען שוין אויפגעטהון פיעל וויכטיגע זאַכען, און אַז די רעזולטאַטען פון די דאָזיגע ערפאָרשונגען וועלען אַרויסגעהן פון די ענגע שטודירצימער אין די גרויסע וועלט אַריין, וועט דורך דעם די מענשהייט אפשר מעהר געווינען און מעהר נוצען האָבען, ווי דורך די אַלע גרויסע ערפינדונגען, וואָס זענען געמאַכט געוואָרען אין פראַקטישען לעבען. וואָס ווייטער ווערט אויך אַליין מעהר פערברייטעט דער געדאַנק, אַז פון אַלע ערפאָרשונגען, וועלכע זענען געמאַכט געוואָרען אין די מזרח־לענדער, געבען די אויסגראָבונגען פון אשור און בבל דאָס גרעסטע און העלסטע ליכט פאַר די ערקלערונג פון דער ביבעל און פאַר די בעלויכטונג פון דער אַלטער יודישער געשיכטע.

ווי די צייטען בייטען זיך! מיט עטליכע צעהנדליגג יאָהר צוריק איז די יודישע ליטעראַטור געוועזען פאַר אונז די עלטעסטע אין דער וועלט. ווי ווייט עס זענען געווען פון אונז דוד און שלמה, וואָס האָבען געלעבט מיט 2900 יאָהר צוריק, אָדער גאָר משה, וואָס האָט געלעבט מיט 3300 יאָהר צוריק און נאָך מעהר אברהם מיט 800 יאָהר נאָך פריהער. איצט אָבער, בעת עס האָבען זיך אויפגעעפענט פאַר אונז די פיראַמידען פון מצרים און די קעניגליכע פאַלאַצען פון אשור און בבל, שטעהען שוין די יודען מיט זייער ליטעראַטור ניט אַליין אין דער אַלטער געשיכטע, זיי זענען שוין ניט מעהר פאַר אונז דאָס עלטעסטע פאָלק פון דער וועלט. ביז גאָר אין די לעצטע יאָהרען איז דער תנ"ך געווען גאָר איין בעזונדער וועלט פאַר זיך; ער האָט גערעדט פון צייטען, פון וועלכע מיר האָבען קיין שום אַנדערע ידיעות ניט געהאַט, און פון פעלקער, פון וועלכע עס האָבען אפילו ניט געוואוסט די אַלטע גריכען און רעמער.

פֿון דעם חורבן בית ראשון אָן און וואָס ווייטער אליין מעהר צוריק איז די ביבעל געווען די איינציגע קוועלע. פֿאַר איהרע אויגען איז געווען איין אָבגעשלאָסענע וועלט פֿון פֿעלקער פֿון דעם ים הגדול (מיטעללענדישען ים) ביז צום פּערזישען ים, און פֿון די בערג אררט אין צפון ביז כּוש אין דרום פֿון מצרים. די דאָזיגע וועלט איז פֿיל געווען פֿאַר אונז מיט רעטענישען, וועלכע מיר וואָלטען אפשר קיין מאָל ניט געקאָנט טרעפֿען, און מיט פֿראַגען, וועלכע מיר וואָלטען קיין מאָל ניט געקאָנט פֿערענטפֿערן. איצט אָבער זענען פֿונאַנדערגעדרוקט געוואָרען די ווענד, וואָס האָבען אַבגעשלאָסען די ביבלישע וועלט. אַ פֿרישער בעלעבענדער ווינד האָט אַ בלאָז געטהון פֿון מזרח, און אַ העלער, גרויסער שיין פֿון ליכטיגקייט האָט זיך אויפֿגעעפֿענט פֿאַר אונזערע אויגען. דאָס גרויסע יודישע בוך קריגט דורך דעם איין נייע און העלע בעלויכטונג, וועלכע איז מיט דעם שטאַרקער, דאָס די יודישע אַלטע געשיכטע איז שטאַרק צוזאַמענגעקניפּט מיט אשור און בבל.

ביי די אויסגראָבונגען אין ניפּור, האָבען די אַמעריקאַנער געפֿונען קאָנטראַקטען פֿון גרויסע סוחרים אויס דער צייט פֿון דעם קעניג אַרטאַקסערקסעס (און יאָהר 450 פֿאַר דער איצטיגער צייטרעכנונג). אין די קאָנטראַקטען געפֿינען מיר פֿיעל נעמען פֿון יודען, וואָס זענען פֿערטריבען געוואָרען נאָך דעם חורבן בית ראשון קיין בבל, ווי נתנאל, חגי, בנימין. אין דער פֿעבינדונג מיט דער שטאָדט ניפּור געפֿינען מיר אויך דעם נאָמען פֿון אַ קאַנאַל כּבר, וועלכער ווערט דערמאַנט און ספֿר יחזקאל און וואָס בעטייט „דער גרויסער קאַנאַל“. אין יאהר 1849 האָט דער ענגלישער פֿאָרשער ראַלינזאָן געפֿונען די שטאדט אור כּשדים, פֿון וואַנען עס קומט אַרויס אברהם אבינו. די שטאדט איז געפֿונען געוואָרען אויף אַ באַרג פֿון גרויסע פֿערשאָטענע חורבות, אין דעם אָרט, וועלכער הייסט איצט אַל־מויקאַיאַר, אויף דער רעכטער זייט פֿון דעם אונטערשטען פּרת. אין יאָהר 1876 האָט דער ענגלישער פֿאָרשער דזשאָרזש סמיט געפֿונען די שטאָדט כּרכּמיש וועלכע ווערט דערמאַנט אין ספר ירמיה און ביי וועלכער נבוכדנאצר האָט אָבגעהאַלטען אַ גרויסען נצחון איבער נכו דעם פּרעה פֿון מצרים (אין יאָהר 605 פֿאַר דער איצטיגער צייטרעכנונג). דאָרטען האָט מען אויך געפֿונען פֿיעל מויערען און פּאַלאַצען.

די נעמען פֿון שטעדט און מלכים, וועלכע מיר קענען פֿון תנ"ך, קריגען דורך די אויסגראָבונגען און ענטדעקונגען אין אשור און בבל פֿאַרב און לעבען. ישעיה הנביא דערמאַנט דעם מלך פֿון אשור סרגון. אין יאָהר 1843 האָט איין פֿראַנצויזישער קאָנזול געגראָבען אין אַ אָנגעשאָטענעס בארג ניט ווייט פֿון דער שטאָדט מאָסול און דאָרטען האָט ער געפֿונען דעם פּאַלאַץ פֿון דעם מלך סרגון דעם צווייטען, וועלכער האָט איינגענומען די שטאָדט שמרון. אין פּאַלאַץ האָט מען געפֿונען אויסגעהאַקט פֿון אַלעבאַסטער צוויי פֿיגורען. איינע פֿון זיי שטעלט פֿאָר דעם קעניג סרגון, די צווייטע שטעלט פֿאָר זיין פֿעלדמאַרשאַל. דער ספר מלכים דערצעהלט אונז, ווי דער קעניג סנחריב פֿון אשור האָט אין דער שטאָדט לכיש וואָס ליגט אין דרום פֿון ארץ ישראל, גענומען מתנות און אָבצאַהלונגען פֿון יודישען קעניג חזקיהו. איין אויסגעגאָסענעס שטיינערנעס בילד אויף סנחריב׳ס פּאַלאַץ אין נינוה שטעלט אונז־

פאַר ווי דער קעניג פון אשור זיצט אויף זיין טראָהן נעגען די איינגענומענע שטאָדט לכיש. צום בילד איז דאָ אַזאַ אויפשריפט: „סנחריב, דער קעניג פון אלין, דער קעניג פון אשור, האָט זיך געזעצט אויף זיין טראָהן און בעקוקט די רויב פון לכיש“. אין מלכים ב׳ ווערט אונז דערצעהלט פון דעם קעניג פון בבל בראדך בלאָדן וועלכער האָט געשיקט בריעף און מתנות צו דעם יודישען קעניג חזקיהו. זיין בילד איז ניט לאַנג נעפונען געוואָרען און איז איצט פאַרהאַן אין דעם בערלינער מוזעאום. אפילו פון אמרפל׳ן, וואָס האָט געלעבט אין אברהם׳ס צייטען, האָבען מיר איצט איין בילד. אַזוי שטעהען אויף פאַר אונז ווידער ווי לעבעדיגע די אלטע העלדען, וועלכע האָבען מיט 3 טויזענד יאָהר צוריק די וועלטגעשיכטע געמאַכט. עס זענען אונז פון זיי איבערגעבליבען מצבות, פאלאצען, בילדער און שריפטען: דאָ האָבען מיר אַ זיענעל פון קעניג דָרְיָוֶש מיט דער אויפשריפט: „איך בין דריוש דער גרויסער קעניג“ און דאָ האָבען מיר איין זיענעל פון סרגון דעם ערשטען, וואס האָט געלעבט מעהר ווי מיט 4000 יאָהר צוריק. פון איהם ווערט דערצעהלט אין די אַלטע שריפטען פון אשור און בבל אַ וואונדערליכע מעשה: סרגון האָט זיין פאָטער ניט געקענט. ער איז געשטאָרבען נאָך איידער זיין זוהן איז געבאָרען געוואָרען. און אַזוי ווי זיין פאָטערס ברודער האָט זיך ניט געקימערט וועגען דער אלמנה, האָט זי איהם אין גרויס עלענד געבאָרען. „אין אַצופיראַן ביים טייך פְּרָת האָט זי מיך היימליך געבאָרען, זי האָט מיך אַריינגעלעגט אין אַ קעסטיל פון טשערעט (שילפראָהר), און זי האָט דאָס טיהריל פערמאכט מיט פעך. זי האָט מיך אין קעסטיל אַראָבגעלאָזען אין טייך, און דאָס וואַסער האָט מיך אַוועקגעטראָגען צו דעם וואַסערטרעגער אַקי. אין דער פריינדליכקייט פון זיין הארצען האָט ער מיך אויפגענומען, ער האָט מיך אויסגעהאָדעוועט ווי איין אייגען קינד און האָט מיך גע־מאַכט פאַר אַ גערטנער. די עַשְׁתֹּרֶת, די טאָכטער פון דעם הימלישען קעניג האָט מיך ליעב געקראָגען און זי האָט מיך געמאַכט פאַר אַ קעניג איבער די מענשען“.

צווישען די בילדער פון אשור און בבל געפינען מיר אויך טיפען פון פערשידענע פעלקער. אויף דעם דערמאַנטען בילד פון סנחריב׳ן זעהען מיר אַ יודען פון לכיש און איינעם פון די בני ישראל אויס דער צייט פון מלך יֵהוא. צוזאַמען מיט זיי געפינען מיר אויך די בילדער פון אנדערע אַזיאַטישע פעלקער, וועלכע ווערען דערמאַנט אין דער תורה. דאָס פאָלק אשור, וועלכעס מען האָט שוין אין גאַנצען געהאַלטען פאַר אונטערגעגאַנגען מיט זיין קולטור, ווערט אונז איצט ווידער גוט בעקאַנט דורך די פיעל דענקמעלער, וואָס מיר האָבען געפונען אין זייער הויפטשטאָדט נִינְוֵה.

ישעיה הנביא בעשרייבט אונז דעם חיל פון אשור. צו דער דאָזיגער בעשריי־בונג האָבען מיר איצט אויסגעזאָסענע בילדער אויף די פאַלאַצען פון אשור. מיר זעהען אויף די בילדער, ווי עס נעהען זייערע סאָלדאַטען מיט מויערברעכערן נעגען די פיינדליכע פעסטונג. מיר זעהען די סאָלדאַטען פון אשור מיט זייערע פיילענבוי־גענס און שפיזען. מיר זעהען, ווי זיי קלעטערן אויף די מויערן פון דער פיינדליכער שטאָדט. אַזוינע מיליטערישע בילדער זענען נעפונען געוואָרען אויף די בראָנזענע טויערען פון דעם מלך שַׁלְמַנֶסֶר און אויף די אַלאַבעסטערשטיינער אין די פאַלאַצען פון די מלכים סרגון און סנהריב. פון די בילדער בעקאָנען מיר זיך מיט דעם לעבען

אין אשור. מיר זעהען אַפּיציען און קעניגליכע דיענער. מיר זעהען, ווי דיענער טראָגען דעם קעניגליכען טראָהן און דעם קעניגליכען וואגען. מיר זעהען, ווי מען דערלאַנגט דעם קעניג עסען. מיר זעהען פיעל בילדער, וואָס שטעלען אונז פאָר געיעג אויף לייבען און אַנדערע חיות.

ישעיה (מ״ו, א׳) דערמאַנט פּראָצעסיאָנען פון אָבגעטער. אַזוינע פּראָצעסיאָנען געפינען מיר אויך אויף אַ בילד. פאָריס טראָגט מען די געטינען, דערנאָך טראָגט מען דעם גאָט, וואָס מאַכט דונערן און בליצען. הינטער די געצען געהט אַ גרויסע מהנה סאָלדאַטען.

די ערפאָרשונגען פון אשור און בבל זענען אויך זעהר וויכטיג אויף אויסצורעכנען פערשידענע צייטען פון דער יודישער געשיכטע, וויל פון די עלטעסטע צייטען אָן איז שוין אין אשור און בבל געווען איין פעסטער לוח. פיעל נעמען בעגעגענען מיר גלייך אין דער ביבעל און אין די שריפטען פון אשור און בבל. און דאָס גיט אונז די מעגליכקייט צו פערגלייכען די דאַטען פון דער ביבעל מיט די דאַטען פון בבל.

אַ דאַנק דער נאָהענטקייט פון לעבען צווישען בבל און ארץ ישראל און אויך אַ דאַנק דער נאָהענטקייט צווישען דער העברעאישער און באַבילאָנישער שפּראַך, געפינען מיר אויך פיעל גלייכע אויסדריקען אין דער אַלטער העברעאישער און דער באַבילאָנישער ליטעראַטור. דער העברעאישער אויסדרוק „גאָט זאָל דיך בעהיטען און בענטשען" געפינט זיך אויך זעהר אָפט אין בבל. דער ביבלישער אויסדרוק: זיין פּנים, זיינע אייגען אויף עמיצען אָדער צו עמיצען אויפהויבען" האָט אין דער באַבילאָנישער שפּראַך אויך דיזעלבע בעדייטונג ווי אין דער העברעאישער.

צוזאַמען מיט די גלייכע אויסדריקען אין דער שפּראַך געפינען מיר צווישען דער באַבילאָנישער און יודישער ליטעראַטור אויך פיעל עהנליכקייט אין די געזעצען. די געזעצען אין בבל פערנעהמען זיך ווי דאָס יודישע געזעץ מיט אַלע זייטען פון לעבען. די געזעצען פון בבל אָרדנען און בעשטימען דאָס שייכות צווישען דעם קנעכט, געדונגענעם אַרבייטער און דעם בעל הבית, צווישען דעם סוחר און לעהריונג, צווישען דעם בעל הבית און פאַכטער. שוין אין דעם אַלטען בבל איז דער מיליטער־דיענסט שטרענג געאָרדנעט. יעדער מוז דיענען. פריי זענען נור די כּהנים און די פאסטוכער. אין בבל ווערען געגאָסען מינצען. די קענטניס פון דער שריפט איז אין פאָלק שטאַרק פערברייטעט. מיר האָבען איצט בריעף פון דעם אַלטען בבל איבער פערשידענע קליינינקייטען. די איבערגעבליבענע קאָרעספּאָנדענצען ווייזען אונז, אַז דער בריעף־פּערקעהר איז שוין מיט עטליכע טויזענד יאָהר צוריק געווען אין בבל גוט געאָרדנעט. אַז אומעטום זענען געווען גוטע וועגען. דער האַנדעל, די ערדאַרבייט, מלאכות און פּיהצוכט זענען געשטאַנען זעהר הויך. די וויסענשאַפטען און דערהויפּט מאַטהעמאַטיק און אַסטראָנאָמיע האָבען געבליהט. די שטאָדט בבל איז געווען איינע פון די גרעסטע און שענסטע אין דער אַלטער וועלט. זי איז געווען די הויפּטשטאָדט פון דער דאַמאָלדינגער וועלט, ווי פּאַריז איז עס אין דער היינטיגער וועלט. זי איז געווען אַ ריינע, פרעהליכע און לוסטיגע שטאָדט שוין מעהר ווי מיט 3 טויזענד יאָהר צוריק.

אין יאָהר 1887 האָבען ערדאַרבייטער געפונען אין מצרים אין דעם אָרט טעל־אַל־אַמאַרנאַ אַ גרויסע ביבליאָטהעק פון 300 ליימענע טאָוולען. עס האָט זיך דערנאָך

אַרויסגעשטעלט, אַז דאָס זענען געווען בריעף פון מלכים און פירסטען פון בבל, אשור און פון אַנדערע אַזיאַטישע לענדער צו די פרעה'ס פון מצרים אַמענאָפיס דעם 3-טען און אַמענאָפיס 4-טען. דערהויפּט געפינען זיך אין דער דאָזיגער ביבליאָטהעק פיעל בריעף פון די שטאַטהאַלטערס וואָס מצרים האָט געהאַלטען אין די גרויסע שטעדט פון כּנַעַן, ווי צור, צידון, עַכּו, אַשְקלון. עס זענען דאָרט אויך פאַרהאַן בריעף פון ירושלים, וועלכע זענען געשריבען געוואָרען צו דעם קעניג פון מצרים, נאָך איידער די יודען זענען געווען אין ארץ ישראל. די טאָוולען פון טעל-אַל-אַמאַרנאַ גיבען אונז אַ נייעס ליכט אויף די צייט מיט 200 יאָהר פריהער פאַר יציאת מצרים. שוין דאָס אַליין, אַז אַלע הערשער פון כנען שרייבען קיין מצרים זייערע בריעף אין באַבילאָנישער שפּראַך, שוין דאָס אַליין בעווייזט אונז, אַז די באַבילאָנישע שפּראַך איז דאַן געווען די אָפיציעלע שפּראַך אין אַלע מדינות פון דעם טייך פְּרָת ביז צו דעם נילוס פון מצרים. די באַבילאָנישע קולטור האָט בעהערשט דאַן די גאַנצע דאַמאָלדיגע וועלט.

אַז די יודען זענען געקומען קיין כנען, האָבען זיי שוין דאָרט געפונען איין באַבילאָנישע קולטור. עס איז געוויס ניט קיין איינפאַכער צופאַל, ווען מען האָט אין יריחו געפונען איין באַבילאָנישען מאַנטעל (אַדֶרֶת שִנְעָר). דאָס ווייזט אונז, ווי ווייט עס זענען געווען פערברייטעט די סחורות פון בבל. און בבל האָט געהערשט איבער די לענדער פון אַזיען ניט מיט איהר האַנדעל אַליין. איהרע וויסענשאַפטען, איהרע געזעצען און מנהגים האָבען געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויך אויף אַלע אַנדערע פעלקער. אין דער תורה לייענען מיר אָפט די ווערטער: „ווען איינער טהוט דאָס, און דאָס, דאַן זאָל ער קריגען די אָדער יענע שטראָף. דער גאַנצער דאָזיגער אויס-דרוק ווערט אויך זעהר אָפט בעגעגענט אין די באַבילאָנישע געזעצען. די געזעצען וועגען די קרבנות ביי די יודען האָבען אויך פיעל עהנליכקייט מיט די געזעצען און מנהגים אין בבל. פון הייליג האַלטען דעם שבת האָבען אויך די באַבילאָניער שוין געוואוסט. אין איין אַלטע באַבילאָנישען לוח לייענען מיר אַז דער 7-טער, 14-טער, 21-סטער און 28-סטער טאָג פון חדש ווערען גערעכענט פאַר טעג, אין וועלכע מען טאָר ניט אַרבייטען, דער קעניג טאָר זיינע קליידער דאַן ניט אומבייטען, ער טאָר זיין וואַגען ניט בעשטייגען; מען טאָר דאַן אויך קיין קרבנות גיט ברייננען, ניט אַנגעהמען קיין משפטים, געקאָכטעס פלייש ניט עסען; דער רופא טאָר אין דעם 7-טען טאָג פון חדש קיין קראַנקע ניט היילען.

אויך אין די ערצעהלונגען איבער דאָס לעבען פון די ערשטע מענשען געפינען מיר אַ גרויסען צוזאַמענהאַנג ביי די יודען און ביי די באַבילאָניער. די באַבילאָניער טהיילען איין זייער געשיכטע אין אַ צייט פאַר דעם מבול און אין אַ צייט נאָך איהם. אין בבל פלעגען אָפט זיין פערפלייצונגען, ווייל דאָס לאַנד ליגט זעהר נידריג ביים ים, און עס איז דערום זיך גאַנץ גרינג צו דערקלערען, ווי עס האָט געקאָנט ווערען אַ מבול, וואָס האָט פערטרונקען דאָס גאַנצע לאַנד און אויך פיעל לענדער אַרום. אַזאַ גרויסע פערפלייצונג איז אויך געווען אין אונזערע צייטען. אין יאָהר 1876 איז געווען אַ גרויסער שטורמווינד ביז די בענגאַלישע ברעגעס פון אינדיען. דער שטורמווינד איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז די מאַסטען אויף די שיפען זענען אויף 300 וויאָרסט

אַרום צובראָכען געוואָרען. דער ווינד האָט אַרויפגעיאָגט די חוואַליעס פון ים אויפ׳ן ברעג, און עס האָט ניט לאַנג געדויערט, ווי דאָס גאַנצע לאַנד אויף 141 קוואַדראַט מיילען איז בעדעקט געוואָרען מיט וואַסער. דאָס וואַסער האָט זיך אויפגעהויבען אויף 6 קלאַפטער אין דערהויך און האָט דערטרונקען 215 טויזענד מענשען. דאָס זעלבע אָדער אין נאָך אַ פיעל גרעסערען מאָס האָט געמוזט זיין דער ערשטער מבול. אין דער ביבליאָטהעק פון נינוה איז געפונען געוואָרען איין טאָוועל, אויף וועלכען עס איז בעשריבען דער גרויסער מבול פון בבל. דער דאָזיגער טאָוועל איז בעשריבען געוואָרען מיט 2000 טויזענד יאָהר פאַר דער איצטיגער צייטרעכנונג. אין דער דאָזיגער בע־שרייבונג שפיעלט דער ים די הויפטראָליע. אויך אויף דעם באַבילאָנישען טאָוועל ווערט דערצעהלט צוגלייך מיט דער תורה, ווי אַ מענש האָט זיך גראַטעוועט פון מבול דורך דעם, וואָס ער האָט זיך אויפגעבויט אַ קאַסטען און אין איהם געשוואומען איבער׳ן וואַסער. אין דער באַבילאָנישער ערצעהלונג הייסט דער מענש ניט נח, נאָר קסיזוטראָס וועלכער האָט זיך אַבגעשטעלט מיט זיין שיף אויף די אַרמענישע בערג. קסיזוטראָס בעקומט פון גאָט פון די וואַסערט־עפּענישען דעם בעפעהל, זיך צו בויען אַ שיף פון אַ געוויסער גרויס, עס צו פערדעקען גוט מיט פעך, אַריינגעהמען אין איהם זיין פאַמיליע און אַ געוויסע צאָהל פון אַלע לעבעדיגע בעשעפענישען. קסיזוטראָס שטייגט איין אין שיף, פערשליסט די טיהרען, און שווימט לאַנג איבער׳ן וואַסער, ביז ער קומט אויפ׳ן באַרג ניזיר. דערנאָך לייענען מיר ווייטער אין באַבילאָנישען טאָוועל: „אויף דעם 7־טען טאָג האָב איך אַרויסגענומען אַ טויב און אַרויסגעלאָזט זי. די טויב איז געפלויגען אַהין און אַהער, אָבער אַזוי ווי עס איז ניט געווען פאַר איהר קיין אָרט אויף זיך אויסצו־רוהען, האָט זי זיך אומגעקעהרט צוריק“. מיר לייענען ווייטער, ווי קסיזוט־ראָס האָט אַרויסגעלאָזט אַ שוואַלב און ווי זי איז געקומען צוריק, און ווי ער האָט דערנאָך אַרויסגעלאָזט אַ קראָה, וועלכע האָט בעמערקט, אַז דאָס וואַסער פאַלט שוין אָב און איז צוריק ניט געקומען. קסיזוטראָס געהט דאַן אַרויס פון שיף און ברייננט אַ קרבן אויף דעם שפיץ באַרג, און דער שענער ריח פון קרבן געפעלט גאָט. קורץ, מיר האָבען דאָ כמעט די גלייכע ערצעהלונג פון מבול ווי אין חומש.

אין די באַבילאָנישע שריפטען האָבען מיר אויך איין ערצעהלונג פון דעם, ווי די וועלט איז בעשאַפען געוואָרען. פריהער, דערצעהלט די באַבילאָנישע קוועלע — איז געווען איין אונגעאָרדנעטעס, פינסטערעס וואַסער אין דער טיעפעניש אָהן אַ גרונט, דאָס איז געווען די געטין תיאַמאַת. אַז די געטער האָבען געוואָלט בעשאַפען די וועלט, האָט זיך די תיאַמאַת אויפגעהויבען ווי אַ פיפערנאָטער, דערנאָך ווי אַ שלאַנג מיט 7 קעפ. און האָט אַרויסגעבראַכט פון זיך אַלערליי מינים ווילדע ברואים און ריעזיגע גיפטיגע שלאַנגען. זי האָט זיך פעראייניגט מיט זיי אַלעמען און איז אַרויס צוזאַמען מיט זיי אויף אַ מלחמה נעגען די געטער. אַלע געטער זענען פערציטערט געוואָרען פון שרעק, אַז זיי האָבען דערזעהן דעם שרעקליכען ישוגא. נאָר דער גאָט מרדך (ירמיה נ׳ ב׳) דער גאָט פון דער ליכטיגקייט און דער זון רופט זיך אַרויס מלחמה צו האַלטען מיט תיאַמאַת, אָבער נאָר מיט דעם תנאי אַז עס זאָל איהם דערנאָך אָבגעגעבען ווערען דער ערשטער אָרט צווישען די געטער. מרדך מאַכט אַ נעץ אין

בעפֿעסטיגט דעם מזרח, מערב, צפון און דרום און ציהט אַרויס אין זיין שטראַהלענדער קראַפֿט אין זיין וואָגען, געשפּאַנט פֿון פֿיער פֿייערדיגע פֿערד. ער ציהט אַרויס געגען דעם פּיפּערנאָטער און רופֿט איהם אַרויס אויף מלחמה. תיאַמאַת שרייט און זי ווערט אַ פֿערציטערטע. זי עפֿענט אויף איהר מויל, ווי ווייט זי קען נור, נאָר דאָ האָט מרדך אַריינגעבלאָזען אין איהר אַ בייזען ווינד, האָט געהאַפּט זיין שפּיזע און האָט איהר דורכגעשניטען דאָס האַרץ. ער האָט אַ וואָרף געטהון איהר טויטען קערפּער און האָט זיך געשטעלט אויף איהם. און איהרע העלפֿער האָט ער אַלע געפֿאַנגען. מרדך האָט דורכגעשניטען תיאַמאַת ווי אַ פֿיש. פֿון איין העלפֿט האָט ער געמאַכט דעם הימעל, און פֿון דער אַנדערע העלפֿט די ערד. דעם הימעל האָט ער בעקליידט מיט אַ לבנה, זון און שטערן, און די ערד מיט פֿלאַנצען און חיות. דערנאָך האָט ער בעשאַפֿען דאָס מענשליכע פּאָר פֿון ליים אויסגעמישט מיט געטליכען בלוט.

אַזוי ווי מרדך איז געווען דער הויפּטגאָט פֿון בבל, דערום האָבען אויך אַלע אַנדערע אַזיאַטישע פֿעלקער געוואוסט די דאָזיגע ערצעהלונגען. עס פֿערשטעהט זיך אָבער, אַז די ערצעהלונג פֿון בריאת העולם אין חומש שטעהט גאָר אָהן אַ נ׳ע־ר העכער פֿאַר די באַבילאָנישע, ווייל די יודישע ערצעהלונג איז ריין פֿון געצענטהום און ווייל זי איז בעלעבט פֿון דעם ריינעם גלויבען אין דעם איין און איינציגען גאָט. נאָר אין פֿאָלק זענען דאָך, ווי עס ווייזט אויס, איבערגעבליבען דונקעלע רעשטען פֿון דער באַבילאָנישער ערצעהלונג. דאָס זעהען מיר אין די פּאָעטישע בילדער פֿון תנ״ך. אין ספֿר איוב ט׳ י״ג לייענען מיר: „עס זענען צובראָכען געוואָרען די העלפֿער פֿון פּיפּערנאָטער“ אין ישעיה נ״א ט׳, לייענען מיר: ביזט דו דען עס ניט געוועזען, דער וואָס האָט דעם פּיפּערנאָטער צוהאַקט און דעם שלאַנג דורכגעשטאָכען“. איוב כ״ו, י״ב: „מיט זיין הכמה האָט ער צוריסען דעם פּיפּערנאָטער“ א.ז.וו. דערפֿון זעהען מיר, ווי דאָס יודישע פֿאָלק האָט צוגלייך מיט די באַבילאָניער געהאַט פֿיעל גלייכע פֿאָרשטעלונגען, נאָר די יודישע פֿאָרשטעלונגען זענען געלייטערט געוואָרען דורך דעם ריינעם גלויבען און דעם געזונדען פֿערשטאַנד.

די געזעצען פֿון דער תורה: דו זאָלסט קיין בלוט ניט פֿערגיסען, דו זאָלסט ריין זיין אין פֿאַמיליען־לעבען, דו זאָלסט ניט אַוועקנעהמען קיין פֿרעמדע קינדער — געפֿינען מיר אויך ביי די באַבילאָניער. קומט איינער פֿון די כשדים היילען אַ קראַנקען, מוז ער איהם פֿריהער פֿרעגען: צי האָט ער אפשר אַ נאַקעטען ניט אַנגעטהון, אַ געפֿאַנגענעם ניט אַרויסגעלאָזען. אויך פֿאַר דעם באַבילאָניער שטעהען הויך די געזעצען צו זאָגען אֶמת, מְקַיֵם צו זיין דאָס נעגעבענע וואָרט. אויף יעדע קראַנקהייט, יעדע צרה און יעדען טויט האָבען די באַבילאָניער געקוקט ווי אויף אַ געטליכע שטראָף פֿאַר איין עֲבֵרָה.

די תורה דערצעהלט אונז, ווי אַזוי דער מענש איז געקומען צו דער ערשטער זינד דורך די שלאַנג. דיזעלבע ערצעהלונג געפֿינען מיר אויך אין בבל. אויף איין ליימענעם צילינדער איז פֿאָרגעשטעלט אַ בוים מיט אַראָבהענגענדע פֿרוכטען. פֿון דער רעכטער זייט בוים שטעהט איין מאַן, פֿון דער לינקער זייט שטעהט איין פֿרוי. ביידע

שטעהען מיט די אויסגעשטרעקטע הענד צו די פרוכט. הינטער דער פרוי שטעהט א שלאנג.

נאך דעם מענשענס טויט געהט זיין נשמה אריבער אין דאס לאנד, פון וואנען מען קומט ניט מעהר צוריק, אין „שאול", וואו עס איז שטענדיג פינסטער און וואו די שאטענס פליהען ארום ווי פויגעליך און וואו זיי לעבען אהן טרייסט און אהן פרייד. דערום פערשטעהט זיך, אז די יודען האבען דאס לאנגע לעבען אויף דער ערד געהאל־טען פאר דאס גרעסטע גליק, דאסזעלבע זעהען מיר אויך אין בבל. די תפלות צום גאט מרדך ענדיגען זיך מיט די ווערטער: „א גאט מרדך, שענק אונז א לאנגעס לעבען". די באבילאנישע פארשטעלונגען פון דער אונטערוועלט זענען פון דעסטוועגען ווייניגער שרעקליך ווי די יודישע. אין דער אונטערוועלט איז דא איין בעזונדער ארט פאר פרומע. זיי ליגען רוהיג אויף זייערע געלעגער און טרינקען קלארעס וואסער. די רשעים ליגען אין טרוקענעם שטויב און שמאכטען פון דארשט. א ענליכע פארשטעלונג געפינען מיר אין איוב (כ"ד י"ח): די רשעים זענען אין א הייסען, פערברענטען מדבר אהן וואסער, און פאר די צדיקים איז בעשטימט א שענער גארטען מיט פרישען קלארען וואסער. נאך מעהר פערפוצט איז שוין דיזעלבע פארשטעלונג ביי די מאה־מעדאנער. ווען עס שטארבט דער פרומער מאהמעדאנער, דערצעהלט דער קאראן, בעגעגענען איהם גלייך די מלאכים ביי די טויערען פון גן עדן מיט די ווערטער: „שלום, דו ביזט פרום געוועזען, טרעט זשע אריין אין דעם גארטען, וואס גאט האט בעשטימט פאר די זייניגע". דער גארטען איז ברייט און גרויס, ווי דער הימעל און ערד צוזאמען, אין גארטען זענען געדיכטע בוימער מיט פיעל שאטען, פון די בוימער הייגגען גראב זאפטיגע פרוכטען, דער גארטען איז בעוועסערט מיט טייכען און קוועלען, א גן־עדנ'שער גלאנץ גיסט זיך אויס איבער די פנים'ער פון פרומע, וועלכע גלאנצען פון פרייד און גליק, זיי טראגען גרינע קליידער פון דער פיינסטער זייד, אויף די ארימס טראגען זיי גילדערנע און זילבערנע בראסלעטען, זיי ליגען אויף ווייכע געלעגער און ווייכע קישענס. צו זייערע פיס זענען אויסגעשפרייט טייערע קאווארען, נעבען זיי שטעהען געגרייטע טישען, וועלכע דערלאנגען אלץ, וואס דאס הארץ גלוסט נאר.

אונשטערבליכע שענע יונגלינגע טראגען פונאנדער זילבערנע בעכער אנגעפילט מיט די בעסטע געטראנקען און גלעזערנע קאנען מיט העלען ריינעם וואסער פון א קוואל, פון וועלכען עס טרינקען די מלאכים. דאס וואסער פערשפרייט זעהר שענע ריחות. דאס וואסער ווערט צוזאמענגעמישט מיט דעם וויין, וועלכען מען קען טרינקען וויפיעל מען וויל, ווייל ער מאכט ניט שיכור. דארטען זענען אויך שענע יונגפרויען, זייער הויט איז צארט ווי דאס איי פון א שטרויס, זייערע אויגען זענען ווי פערלען, וואס ליגען אין מושעלן, אין זייערע אויגען איז ריינקייט, תמימות און ליעבע. יעדער פרומע מאהמעדאנער קלויבט זיך אויס אין גן עדן 72 אזוינע מיידליך, דערצו נעמט ער אויך, אויב ער וויל נור, די פרויען, וועלכע ער האט געהאט ביי זיין לעבען אויף דער ערד. קנאה און שנאה זענען אין גאנצען פערשוואונדען פון הארצען, עס איז ניטא אין גן עדן קיין רכילות און קיין פאלשקייט. שלום. שלום איז אומעטום, און אלע רייד קלינגען אויס אין די ווערטער: „געלויבט איז גאט, גאט פון דער וועלט".

אויך די פֿאָרשטעלונג פֿון מלאכים איז צוערשט ענטשטאַנען אין בבל. ד מצריים ווייסען ניט פֿון מלאכים. די כְּרוּבִים און שְׂרָפִים בעגעגענען זיך אָפֿט אין די באַבילאָנישע אויסגעהאַקטע בילדער. אָפֿט געפֿינען זיך אין בבל פֿון שטיין אויסגעהאַקטע אָקסען מיט אַ מענשליכען פּנים אין פֿליגלען. אַזוינע הימלישע בעשעפֿענישען זענען בעשריבען אין ספר יחזקאל. מיר געפֿינען אויך אין די בילדער פֿון בבל שדים מיט הערנער. דאָ זעהען מיר שוין אַ ליכטיגע און אַ פֿינסטערע וועלט, אַ גוטע און אַ בייזע קראַפֿט. די יודישע אֱמונה איז אָבער אַרויסגעטרעטען געגען דעם גלויבען אין שדים און געגען די צוויי כחות פֿון דער וועלט. ישעיה הנביא זאָגט אין גאָטס נאָמען: „קיינער איז ניטאָ אויסער מיר. איך בין גאָט און קיין אַנדערער איז ניטאָ. איך בעשאַף ליכטיגקייט און בעשאַף פֿינסטערניש, איך בעשאַף דאָס גוטע און דאָס שלעכטע, איך גאָט, טהו דאָס אַלצדינג.“

ווי הויך עס איז אָבער געשטאַנען די קולטור פֿון בבל, ווי רייך עס איז ניט געווען איהר ליטעראַטור, האָט זי זיך דאָך ניט אויפֿגעהויבען צו דער הויכקייט פֿון דער יודישער תורה, צו דעם גלויבען אין דעם איין און אייציגען גאָט. אָבער די וואָרצלען פֿון אַ ריינערער אֱמונה געפֿינען מיר שוין אין בבל. די סעמיטישע פֿעלקער איבערהויפּט האָבען מעהר זין געהאַט פֿאַר אמונה ווי אַנדערע פֿעלקער. ביי די סעמיטישע פֿעלקער איז גאָט געווען דאָס הויכע אידעאַל, דאָס הויכע ציעל, צו וועלכען עס וויל זיך דערהויבען דער מענשליכער גייסט. דער נאָמען „אֵל“ גאָט בעטייט אייגענטליך „דאָס ציעל“, דאָס ציעל, צו וועלכען עס ריכטען זיך אויף די אויגען פֿון מענשען, ווען ער הויבט אויף זיין קאָפּ צום הימעל.

ביי אַזאַ ערקלערונג פֿון דעם וואָרט „גאָט“ וועלען מיר בעסער פֿערשטעהען די ערצעהלונג פֿון מדרש, וועלכע איז אויך דערנאָך איבערדערצעהלט אין קאָראַן, אין דעם הייליגען ספר פֿון די מאַהמעדאַנער.

אברהם איז ארויס אין אַ פֿינסטערע נאַכט פֿון זיין געצעלט און האָט אַ קוק געטהון אויף אַ גלאַנצענדען שטערן פֿון הימעל. „דאָס איז גאָט“, האָט געזאָגט אברהם. דערנאָך אָבער, אַז ער האָט דערזעהן, ווי דער שטערן איז בלייך געוואָרען און האָט פֿערלאָרען זיין ליכטיגען גלאַנץ, האָט אברהם איינגעזעהן זיין טעות און האָט ווידער אָנגעהויבען צו זוכען גאָט. ער האָט דערזעהן די שענע לבנה, וואָס איז אויפֿגעגאַנגען אויפֿ׳ן הימעל און האָט פֿערדראַנגט די פֿינסטערניש. „דאָס איז גאָט“, האָט אַ געשריי געטהון אברהם. נאָר די לבנה איז אונטערגעגאַנגען פֿון הימעל. „אויך דאָס איז ניט גאָט“, האָט זיך געזאָגט אברהם. אין דער פֿריה האָט ער דערזעהן די הערליכע, שטראַהלענדע זון. „דאָס איז גאָט“, האָט בעשלאָסען אברהם. נאָר ווי ער האָט דערזעהן, אַז פֿון אַ ווינד איז די זון פֿערשוואונדען געוואָרען, האָט ער פֿערשטאַנען, אַז די זון קען אויך קיין גאָט ניט זיין. דאַן האָט אברהם אָנגעהויבען צו פֿערשטעהן, אַז גאָט איז העכער פֿון דער זון, לבנה און שטערן, און ער האָט געזאָגט: אַ מיין פֿאָלק, איך האָב ניט צו טהון מיט אייער פֿיעלגעטעריי. איך הויב אויף מיין פּנים צו דעם, וואָס האָט בעשאַפֿען הימעל און ערד“ און אַזוי איז אברהם געקומען צום געדאַנק פֿון

אין איינציגען גאָט. אל איז דאס ציעל, און אַזוי ווי דאָס העכסטע ציעל קען נור איינס זיין, דערום האָט מען געמוזט קומען צו דעם גלויבען אין איין גאָט.

אין בבל געפֿינען מיר אויך ווי ביי יודען נעמען, וואָס זענען פֿערבונדען מיט דעם וואָרט גאָט. די נעמען, וואָס בעטייטען, „גאָט האָט געגעבען" אָדער „גאָט מיט מיר", זענען גאַנץ אָפֿט. אין דער לעצטער צייט איז אין בבל אויך געפֿונען געוואָרען דער העברעאישער פֿיער־אותיות דיגער נאָמען פֿון גאָט. דער דאָזיגער נאָמען איז, ווי עס ווייזט אויס, איין אַלטעס ערבטהייל פֿון די פֿעלקער אין כנען, פֿון וועלכע עס זענען דערנאָך ארויסגעקומען די 12 יודישע שבטים.

די אמונה פֿון בבל בעשטעהט פֿון פֿיעלגעטערייּ נאָר די געטער פֿון בבל זענען לעבעדיגע, וואָס זענען צוגלייך אומעטום און וואָס וויסען אַלסדינג. זיי נעהמען אָן די תפלות פֿון מענשען. זיי העלפֿען די מענשען און בעשטראָפֿען זיי. זיי זענען אין כעס פֿאַר דעם מענשענס עברות, נאָר זיי זענען אויך מוחל.

אין ספר יחזקאל (א׳) איז פֿאַרהאַן אַ בילד, ווי גאָט פֿאָהרט אויף אַ לעבעדיגען וואָגען פֿון פֿיער געפֿליגעלטע בעשעפֿענישען, וועלכע האָבען צו פֿיער פנים'ער: דעם פנים פֿון אַ מענשען, פֿון אַ לייב, פֿון אַ אָקס און פֿון אַ אַדלער. אויבען איבער די קעפּ פֿון די געפֿליגעלטע בעשעפֿענישען איז איין קריסטאַלענע אויסדעהנונג, און אויף איהר שטעהט איין טראָהן פֿון סאַפֿפֿיר און אויף איהם זיצט גאָט. אַ עהנליכעס בילד איז געפֿונען געוואָרען ניט לאַנג אויף אַ באַבילאָנישען ליימענעם צילינדער.

די ערפֿאָרשונגען ווייזען אַלין מעהר ארויס, ווי גרויס עס איז דער צוזאַמענהאַנג צווישען דער ביבעל און בבל — דער צוזאמענהאַנג פֿון לעבען, אָבער ניט די גלייכקייט. אין בבל האָט מען געגלויבט אין פֿיעל געטער. גרגל און נבו זענען געווען געטער פֿון דער לבנה און זון. רמן איז געווען דער גאָט פֿון דונערן און בליצען, מרדך דער גאָט פֿון ליכטינקייט און אַזוי ווייטער. די באַבילאָניער איז ניט בעשערט געווען זיך אויפֿצוהויבען העכער פֿון דער פֿיעלגעטעריי, אין וועלכע עס האָבען געגלויבט אַלע פֿעלקער פֿון דער וועלט.

נור משה איז געווען דער מאַן, וועלכער האָט פֿעראייניגט אַלע יודישע 12 שבטים אין איין פֿאָלק און וועלכער האָט געגעבען דעם פֿאָלק די ריינע אמונה אין איין גאָט. דאָס פֿאָלק איז אָבער נאָך שטאַרק געבליבען העגגען ביי דער אמונה אין געצען, און מען האָט נאָך געדאַרפֿט האָבען אַ לאַנגע און שווערע אַרבייט פֿון די נביאים, וועלכע האָבען ענדליך אויסגערויטט אין גאַנצען יעדען רעשט פֿון עבודה זרה אין יודישען פֿאָלק.

דר. יוסף לוריא.

* * *

נָאך נישט אַלץ הָאסטו, פְרֵיינד, פֶערְלָארֶען
אין דֶער קַאלְטֶער, ווינְטֶער־נאַכְט —
שְטֶערֶען טויזֶענְדֶער נָאך גְלַאנצֶען
דיר אין שְטילֶער פְּרַאכְט . . .

נָאך נישט אַלץ הָאסט אָנְגֶעוואוֹרֶען
מיט דֶעם פְרִיהְלינְגְס־שְטְרַאהְל . . .
דוּרְך די גְרָאהֶע ווינְטֶער־וָואלְקֶען
שְטְרַאהְלְט און לַייכְט זַיין אידֶעאַל!

*

איבֶּער טָאהְל און בַּארְג
גֶעהְט די זון אויף . . . וֶועהְסְט?
ס'קֶעהְרְט דֶער פויגֶעל אום
ווידֶער אין זַיין נֶעסְט. . .

גלויב און הָאף! דַיין זון
לַייכְט שוין, רוּפְט צו דיר;
ס'גֶעהְט דַיין פְרִיהְלינְג, גֶעהְט — —
נָאך לֶעבֶּען וֶועלֶען מיר!

י. י. פּראפּוס.

# שטילע טריט.

(ערצעהלונג).

---

הערר פינקעלקרויט, ביי וועמען שוואַכמאַן, א יודישער לעהרער, האָט מיט אַפּאָר־וואָכען צוריק בעקומען א לעקציע, האָט געוואָהנט אין די ווייטע גאַסען פון דער גרויסער שטאָדט. געהענדיג אויף דער לעקציע, פלעגט שוואַכמאַנ'ען אויסקומען דורכצוגעהן איינינע שטילע געסעליך, וואו ער האָט געקענט אונגעשטערט און פריי בעטראַכטען זיך טיעפער און ערנסטער; למשל, אַרומקוקען דעם אַלטען ראָק; איבערצעהלען די פלאַמעס, וואָס דער ראָק האָט; פרובען זיך אַ לייכטערע אָברייבען מיט די גרויסע נעגיל, וואָס שוואַכמאַן האָט שטענדיג געטראָגען; צוטראָגען אַ פוס נאָהענט צום אויג און זעהן, וואָס עס טהוט זיך „דאָרטען" מיט די פעדעמליך, וואָס שלעפען זיך פון די אויסגעמוליעטע הויזען; וועלכע פון זיי אָברייסען און וועלכע פערבויגען, אויב ס'איז מעגליך; אַראָבנעהמען דאָס אַלטע היטיל פון קאָפּ און אַ פיהר טהון איבער איהם מיט'ן אַרבעל; אויסרייניגען די נאָז און אָבווישען מיט'ן לינקען זייט ראָק, מיט איין וואָרט אָבטהון אַלע אַרבייט, וואָס עס זענען נויטהיג אין די רוישענדע גאַסען, וואו עס געהען פול מענשען. אַז שוואַכמאַן פלעגט פאַרטיג ווערען מיט דער אַרבייט, פלעגט נאָך איהם בלייבען צייט צו בעטראַכטען דעם „עצם זיך", צוהערען זיך צו יעדער בעוועגונג זיינע.

אונ בעטראַכטענדיג מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט דעם „עצם זיך", האָט ער איינמאָל, געהענדיג אין די שטילע געסליך, בעמערקט אין זיך א ווילדע זאַך און ער האָט זיך שטאַרק דערשראָקען. עפּיס געהט ער און געהט, און די טריט זיינע הערען זיך ניט. פונקט ווי אַ שאָטען וואָלט זיך אומגערוקט. עפּיס לאָזט זיך קיין שום קלאַנג ניט הערען נאָך יעדעם טריט זיינעם.

ער האָט זיך געסטאַרעט וואָס שטאַרקער צו טרעטען מיט די פיס אויפ'ן טראָטואַר. עס האָט אָבער נישט געהאָלפען: קיין קלאַנג איז נאָכ'ן טריט נישט אַרויס.

— וואָס איז דאָס? — האָט ער מיט שרעק זיך אַליין געפרעגט. צי איז ביי מיר אַלע מאָל אַזא שטילער טריט און איך האָב עס ניט בעמערקט, אָדער איך בין איצט שוואַך געוואָרען, איך האָב ליידענדיג אַ גאַנצע יוגענד מיינע כחות פערלאָרען.

ער האָט זיך געלאָזט געהן גיכער און האָט פון זיך אַליין געלאַכט, וואָס אַזא נאַרישקייט בעאונרוהיגט איהם. פון וואַנען איז עס געדרונגען, אַז א טריט מוז זיך הערען, וואו שטעהט עס געשריבען?

זיין לאַכען האָט איהם אָבער נישט געהאָלפען. דער פערלאַנג צו הערען א קלאַנג נאָך יעדעם טריט האָט איהם אין גאַנצען בעהערשט, און ער האָט גע־טרעטען מיט די לעצטע כחות, קלאַפענדיג אָן די שטיינער פון טראָטואַר. ער האָט די פיס הויך געהויבען און מיט אימפעט אַראָבגעלאָזען, פונקט ווי ער וואָלט זיך די סאָלדאַטישע מאַרשיראָווקע געלערנט. עס האָט איהם דאָס אויך ניט געהאָלפען, קיין ווידער־קול האָבען זיינע טריט אַלץ ניט געגעבען.

— אָן געהט עמיצער, מען דאַרף זיך צוהערען צו זיינע טריט! — האָט שוואַכמאַן ווי דערפרעהט זיך, דערזעהענדיג פון דער ווייטענס, ווי איינער לאָזט זיך געהען קעגען איהם.

דער מאַן, וואָס האָט בעדאַרפט פאַרבייגעהן, איז געוועזן ווייט פון שוואַכמאַנ׳ען און ער האָט אָנגעשטרענגט אויפמערקזאַם די אויערען צו האַפען אויף ריכטיג דעם קלאַנג.

— טריק — טראָק, טריק — טראָק! — איז דער מאַן פאַרבייגעגאַנגען קלאַפענדיג מיט די שיך אָן שטיינערנעם טראָטואַר.

שוואכמאַנ׳ען האָט זיך געדאַכט, אַז דער דורכגעהער האָט אויף איהם געקוקט מיט פעראַכטונג, און ער איז נאָך געפאַלענער ביי זיך געוואָרען.

— אָט דאָס איז אַ טריט! — האָט ער מיט קנאה געטראַכט און מיט דאָרשטיגע בליקען בעגלייט דעם דורכגעהער, פון וועלכען עס האָבען זיך נאָך געהערט די פעסטע טריט:

טריק — טראָק, טריק — טראָק!...

— עס פערשטעהט זיך, אַ טריט מוז זיך הערען, — האָט שוואַכמאַן טרויריג פאַר זיך געמורמעלט, אין מוח איז איהם דורכגעלאָפען א שורה פון א העברעאישען געדיכט:

„איך הער שוין די מעכטיגע טריט פון מיין פאָלק!"

און שוואָכמאַנ׳ען האָט זיך מאָדנע פערוואָלט, אַז זיינע טריט זאָלען אויך ווערען מעכטיג, אַז יעדער פאַרבייגעהער זאָל איהם הערען און בעמערקען...

צוקומענדיג צום הויז, וואו פינקעלקרויט האָט געוואָהנט, האָט זיין האַרץ מעכ־טיג אָנגעהויבען צו קלאַפען: „ווער ווייס וואָס פאַר איין פערענדערונג אין איהם איז פאָרגעקומען". איהם האָט זיך געדאַכט, אַז ווי ער וועט נור די שוועל איבערטרעטען, וועט די דיענסט, די ערשטע דערזעהענדיג איהם אַ פאַטש געבען מיט די הענד, אויס־גלאָצען די אויגען און צושרייען זיך:

— וועה איז מיר, אַ געשטאָרבענער לעהרער!

— טפו, — האָט ער פאַר שרעק אויסגעשפייט און מיט ציטערנדיגע הענד האָט ער אַ ציה געטהון דאָס גלעקיל.

די דיענסט האָט איהם געעפענט. אַריינגעהענדיג אין קאָרידאָר, האָט ער דער־פיהלט אַז ער איז איצט בלאַסער, ווי געוועהנליך. ער האָט נאַרייש געקוקט אויף די דיענסט, זי האָט אויף איהם צוריק געקוקט און געשמייכעלט. איהם האָט זיך געדאַכט, אַז „דאָס" איז שוין...

ער האָט זיך געלאָזען געהן צום תלמיד און האָט זיך ווידער אָנגעהויבען צו־הערען צו זיינע טריט. קיין קלאַנג איז אָבער איצט אויך ניט אַרויס און איהם האָבען זיך פאַר שרעק די פיס געוויינט.

— זאָל זיך האָטש עפּיס אַ שאָרך הערען, רבונו של עולם! — האָט ער אין דער שטיל געוויינט...

ער איז אַריין אין זאַל. די מאַדאַם איז געזעסען מיט אַראָבגעלאָזענע אויגען און האָט געלעזען אַ צייטונג.

— יאַשע איז אין צימער? — האָט דער לעהרער שוואַך געפרעגט.

— אוי! האָט זיך די מאַדאַם מיט שרעק אַ האַפּ געטהון. ווי איהר האָט מיך דערשראָקען! איך האָב גאָר ניט געהערט, ווי אַזוי איהר זענט אַריינגעגאַנגען...

„מען הערט מיך ניט אַריינגעהענדיג!" איז שוואַכמאַנ׳ען, ווי אַ קויל דורכ־געלאָפען איבער׳ן קאָפּ און איהם איז הייס געוואָרען...

---

די אורזאַכע פון דעם ווילדען אונגליק איז שוואַכמאַן דערגאַנגען ביי דער נאַכט פאַר׳ן שלאָף, ווען ער האָט די קאַמאַשען זיינע בעטראַכט, און ער האָט זיך געוואונ־דערט, ווי אַזוי האָט ער דאָס גלייך ניט פערשטאַנען און ווי אַזוי האָט ער עס פריהער ניט בעמערקט: די קאַמאַשען האָבען ממש ניט קיין ברעקיל פאָדעשווע און קיין ברעקיל אָבטשאָס ניט. ווי אַזוי קען זיך גאָר הערען אַ קלאַנג?

די נייע ענטדעקונג האָט איהם אפילו אַביסיל רוהיגער געמאַכט. נאָר דער אומזיסטער בייטאָגיגער שרעק האָט איהם די נערוען אויפגערעגט. און ער האָט ניט געקענט איינשלאָפען. ער איז געלעגען מיט אָפענע אויגען צום באַלקען און געקלערט. „דער גאַנצער כח איז ניט אין דעם מענשען אַליין, נאָר אין זיינע שיך", איז איהם מיט אַמאָל אַריינגעפאַלען אין קאָפּ אַ געדאַנק.

און די אידעע איז איהם שטאַרק געפעלען געוואָרען.

— דאָס איז גאַנץ טיעף! — האָט ער גערעדט מיט זיך אַליין. נאָך אַמאָל: דער מענש אַליין, וואָס האָט אַזוי פיעל כח, אַזוי פיעל ענערגיע, וואָס קיין זאַך איז פאַר איהם ניט שווער, אָט דער מענש, אָט דער חכם (ביי דעם וואָרט חכם האָט ער זיך הויך פונאַנדער געלאַכט), אַז ער זאָל אומגעהן אָהן פאָדעשוועס און אָב־טשאָסען, בעמערקט מען איהם אפילו ניט. הערט מען ניט ווי ער געהט — אויס מענש!... קומט אויס, אַז דער גאַנצער כח פון מענשען בעשטעהט נור אין די פאָדעשוועס און אָבטשאָסען... — אַ פיינע זאַך!

— איינענטליך איז דאָס ניט קיין גרויס אונגליק, — האָט ער זיך ווייטער געלאָזט אין הקירה — פאַר אַ רובעל לאָזט מען זיך מאַכען פאָדעשוועס און אָבטשאָסען און מען ווערט ווידער אַ מענש, און אַז מען געהט, הערען זיך די טריט: טריק — טראַק, טריק — טראַק! און דו פיהלסט זיך ווידער שטאַרק.

דער געדאַנק וואָלט שוואַכמאַנ׳ען אין גאַנצען פרעהליך געמאַכט, ווען ער וואָלט ניט געווען קלאָר אין זיין געלד־ביטעלע, אין וועלכען עס זענען נור געלעגען צוויי קנעפּליך און עפּיס אַ צעטיל פון צעקיל, וואָס ער האָט גאָר אָהן אַ שום נויטיגקייט.

געהיט. וואָס אָנבעלאַנגט צו באַרע געלד, האָט דאָס געלד־בייטעלע געדאַרפֿט נאָך געדולדיג וואַרטען צוויי וואָכען ביז׳ן „ערשטען“, ווען שוואַכמאַן וועט מיט אַ פֿרעהליך געמוטה אַהין עפּיס אויף אַ טאָג צי צוויי אַריינלעגען.

און שוואַכמאַן האָט זיך דערמאַנט, אַז נאָך צוויי וואָכען וועט ער זיך אַזוי רוקען ווי אַ שאָטען, אונבעמערקטערהייט אַריינגעהן אויף דער לעקציע צו פֿינקעל־קרויטען און אַלע טאָג איבערשרעקען די בעל־הבית׳טע, און ער איז מיט אַ שווער געמוטה אַנטשלאָפֿען געוואָרען ערשט פֿיער אַ זייגער.

און איהם האָט זיך געחלומ׳ט, אַז ער געהט ערגיץ אין אַ וויסטער גאַס איינער אַליין און קלאַפּט מיט אַלע כחות מיט די פֿיס אָן טראָטואַר, נאָר קיין שום קלאַנג געהט נישט אַרויס, און ער געהט ווייטער און ווייטער און אַ קאַלטער שווייס בעפֿאַלט איהם.

פּלוצים וואַקסען פֿאַר זיינע אויגען אויס אַ חברה קונדוסים, איינער פֿון זיי לויפֿט פֿאָראויס, האַלט אַ פּאָר גרויסע הילצערנע שיך און שרייט:

— עי דו, קבצן טהו אָן די שיך, גיכער, טהו אָן, וועסט געגעזען ווערען!

און די חברה קונדוסים בעפֿאַלען איהם, וואַרפֿען איהם אום אויף דער ערד. ציהען פֿון איהם אַראָב זיינע שיך און לאַכען זיך ווילד פֿונאַנדער.

— אָהן אָבטשאַסען, אָהן פּאָדעשוועס, אַ געשטאָרבענער...

און די חברה קונדוסים ווערען פֿערשוואונדען. שוואַכמאַן בלייבט אַליין ליגען, און ער פֿיהלט זיינע פֿיס אָנגעטהון אין שווערע הילצערנע שיך. ער הויבט זיך קוים אויף, שטעלט זיך אַוועק אויף די פֿיס און לאָזט זיך געהן און די שטילע גאַס ווערט פֿערהילעכט פֿון זיינע טריט:

— טריק — טראָק, טריק — טראָק!

---

אַז שוואַכמאַן איז אויף מאָרגען נעגאַנגען צו פֿינקעלקרויט׳ן אויף דער לעקציע, האָט ער זיך ווידער צוגעהערט צו זיינע טריט. האָטש ער האָט געוואוסט, אַז עס איז אומזיסט זיין האָפֿנונג, עס וועט זיך גאָר נישט הערען.

און געדולדיג האָט ער אָנגעהויבען צעהלען די טעג ביז צום „ערשטען“, ווען ער וועט זיך לאָזען מאַכען אַ פּאָר פּאָדעשוועס מיט אָבטשאַסען און דאַמאַלס וועט ער געבען טריט ווי געהעריג איז, ווי עס פּאַסט פֿאַר אַ מענשען:

— טריק — טראָק, טריק — טראָק!

און ער האָט געבענקט נאָך דעם קלאַנג...

אברהם רייזען.

# פריהלינגס־מעלאדיען.

(געווידמעט ס. דודואהן).

---

I.

ס׳איז נאך ליכטיג ניט געווארען,
מארגענגעבעל וויקלען איין
נאך די שלאפענדיגע טהאלען,
און דער הימעל האט קיין שיין;
נור, ווי זיסע קינדער, בלאנזען
ווארמע ווינטעליך ארום
און זיי זאגען אן די בשורה:
ס׳איז שוין פריהלינג אומעטום.

---

ווי א רויזענשטיינגיל ציטערט
אין דער מארגענלופט פון קעלט,
ווארטענדיג, עס וועט אויפשיינען
באלד די זון שוין אויף דער וועלט, —
פלאטערט איצט אזוי מיין הארץ נאך,
פול מיט שרעקען און מיט פרייד.
ס׳איז נאך פינסטער, נאר עס פיהלט זיך
אז עס געהט דער טאג, ער געהט!..

II.

אײן שטראַהל איז אַרײן דורכ'ן פענסטער,
האָט גלײך מיר געטראָפען אין הערץ;
דער װאַרימער שטראַהל האָט פערטריבען
דעם װינטער, זײן אומעט און שמערץ.

איך האָב שוין; אויף װאָס—װײס איך װעלבסט ניט.
עס פיהלט נור דאָס האַרץ, אַז עס געהט
דער פריהלינג מיט ליכט און מיט לעבען,
מיט װיסע חלומות און פרײד.

פערגעסען איז װאָס ס'איז געװעזען,
אין האַרץ איז קײן שפור דאָ דערפון,
און װידער שוין ליעב איך דאָס לעבען,
דאָס גרין און דעם װאַלד און די זון.

און װיפיעל ס'האָט אָבגערויבט לעבען
די לאַנגע און פינסטערע נאַכט,
איז אומגעקעהרט מעהר מיר געװאָרען,
װען ס'האָט נור אײן שטראַהל אויפגעלײכט.

יעקב פיכמאַן.

# דאס כַּפָּרָה־הינדיל.

ערצעהלונג אויס דעם יודישען לעבען אין מאַראָקאָ.

פון

הָ אָ ל  ק ע ן.

XII.

זייט נעמי האָט אָנגעהויבען צו הערען, האָט זי צו איינציגווייז אנגעוואָהרען איהרע פריהערדיגע אונבעוואוסטע געפיהלען. זי האָט שוין נישט געקענט, ווי פריהער, זיך טרעפען דעם וועג אין איהר פּאָטער'ס גרויס הויז און האָטש זי האָט געהערט געהן, האָט זי די טריט נישט דערקענט. זי איז אפילו ווייטער אַרויסגעלאָפען אין שטאָדט און זיך דורכגעשטופּט דורך מאַסען מענשען, נאר זי האָט שוין נישט געלאַכט, און איהר פּנים האָט שוין נישט געשיינט, ווי פריהער. שטיל, אונבעהאָלפען איז זי אַרומגעגאַנגען אין די גאַסען אָדער אונטער דער שטאָדט, זי איז אויך געקראָכען אויף די בערג, זי האָט אָבער שוין דאָרט קיין ניי לעבען נישט איינגעאָטהעמט, ווי פריהער. דאָס געוויש פון ווינד וועלכער האָט איהר די לאַנגע האָר פונאַנדערגעוואָרפען, האָט זי נישט בערוהיגט. פערקעהרט, זי האָט געציטערט ווי א דערשראָקען קינד, הערענדיג זיין רוישען.

אין אָנהויב האָט ישראל זיך געפיהלט גליקליך פון דעם, וואָס נעמי הערט, דערנאָך אָבער איז ער דערשראָקען געוואָרען, זעהענדיג איהר קאַלטבלוטיגקייט. מען האָט אין איהר נישט דערקענט קיין טרויריגקייט, קיין חשק צו עפּיס, איהר פּנים איז אַלע מאָל געוועזען קאַלט, איהר מויל האָט שוין מעהר מיט קיין געלעכטער זיך נישט געעפענט. ווען ישראל האָט איהר געקושט דעם שטערן, האָט זי די הענד צו איהם נישט אויסגעצויגען, ווי פריהער, און האָט נישט צוגעצויגען זיין קאָפּ צו איהר מויל. זי האָט נישט געוויזען, אַז זי פרעהט זיך מיט איהר פאָטער. שטיל, טרויריג זענען איהר דורכגעגאַנגען די טעג אָהן געפיהל, אָהן חשק, איהר נשמה איז געוועזען ווי פערשלאָפען, זי האָט אויסגעזעהן, ווי א שען בילד פון בלוט און פלייש.

כדי צו ערוועקען אין איהר די אַלטע געפיהלען, האָט זי ישראל אַ מאָל מיט זיך מיטגענומען ווייט אונטער דער שטאָדט, וואו עס וואַקסען פערשידענע שמעקעדיגע בלומען, וועלכע זי פלעגט אָבייסען און אַהיים ברענגען, ער איז מיט איהר געגאַנגען איבער דעם גרינעם גראָז, אין שאָטען פון אלעאַנדער בוימער, ביז זיי זענען געקומען צו א טייך, וואָס לאזט זיך אַראָב פון די ווילדע בערג אקהאמאס. דאָ האָט זיך נעמי־

בלוצלינג איהם אַרויסגערוקט פֿון זיין האַנד. און איידער ער האָט זיך אומגעקוקט, איז זי איהם פֿערשוואונדען געוואָרען פֿון די אויגען.

ישראל האָט גערעכענט, אַז זי איז נאָהענט פֿון איהם, נאָר איבער די בוימער פֿון וואַלד קען ער זי נישט זעהן, דעריבער האָט ער זי גערופֿען ביים נאָמען און האָט געמיינט אַז זי וועט איהם ענטפֿערן אויף איהר קול. עס האָט איהם אָבער נור זיין אייגען ווידער־קול געענטפֿערט, ער האָט אפילו נישט געהערט קיין טריט, קיין ריהר פֿון איהר קלייד.

ווען נעמי האָט איהר פֿאטערס האַנד אַרויסגעלאָזט פֿון איהרע, און האָט זי צוריק נישט געקענט האַפּען, איז זי זעהר דערשראָקען געוואָרען און האָט אָנגעהויבען צו לויפֿען, וואו די פֿיס האָבען זי געטראָגען, און דאָס גראָז מיט די בוימער האָבען זי בעהאַלטען פֿאַר איהר פֿאָטער.

ישראל האָט זי לאַנג געזוכט. ענדליך האָט ער זי געפֿונען זיצען אונטער די בלעטער פֿון אַ אַלאָע, איהרע בלינדע אויגען זענען נאָך געוועזען נאַס פֿון וויינען און דאָך האָט איהר פּנים געלייכט פֿון גליק און פֿרייד, איהרע באַקען זענען געוועזען רויט און דאָס מויל האָט געשמייכעלט. פֿון קאָפּ האָט זי אַראָבגענומען דעם הוט. מיט איין האַנד האָט זי דאָס אויער פֿערשטאָפּט און מיט דער צווייטער האָט זי גע־טאפּט דאָס גראָז, וואָס האָט געוואַקסען אַרום איהר. עס האָט זיך געדאַכט, אַז זי הערט עפּיס אונטער נייגיריג, הייס. זי האָט געמיינט, אַז די אַלע קולות, וואָס זי הערט, זענען געקומען זי בעגריסען און בעשענקען מיט ליעבע. די אַלטע עהל־בוימער, וואָס האָבען זיך געשאָקעלט איבער איהר קאָפּ, האָבען איהר געזאָגט: „קוש אונז, מיידיל, קוש, גוט, זיס!" דער טייך, וואָס האָט גערוישט נעבען איהרע פֿיס, האָט געלאַכט צו איהר: האַפּט מיך באָרפֿיסע פּיסליך, האַפּט!" די פֿייגעל אויף די בוימער האָבען גע־פֿרעגט: פֿון וואַנען קומט איהר, גאָלדענע האָר, פֿון וואַנען?" און די אַלטע דאַרע ציג האָט געבלעקט: „שלאָג מיך מיידיל, שלאָג!"

פֿון דאַמאַלס אָן האָט זיך נעמי'ס נשמה ווי דערוועקט פֿון שלאָף און זי האָט שוין מיט פֿערגניגען געהערט דאָס קול פֿון קינדער, וואָס שפּיעלען זיך, דאָס בלעקען פֿון דער ציג, וואָס זי האָט פֿון דאַמאַלס אָן ביי זיך געהאַלטען, די טריט פֿון די, וואָס זי האָט ליעב געהאַט, און נאָך מעהר פֿון אַלעם האָט זי געהאַט פֿערגניגען הערענדיג אַלע אָוועגד על'ין שפּיעלען אויף אַ האַרפֿע.

ישראל האָט איהר ווייטער אָנגעהויבען צו לייענען אַלע טאָג תנ״ך. פֿיעל מאָל איז איהם געקומען אויף די געדאַנקען, אַז זיין לייענען איז אומזיסט, וואָרום האָטש זי הערט, אָבער פֿערשטעהן קען זי נישט. ער האָט זיך אַליין געענטפֿערט:

— זאָל איך אַצונד וועניגער גלויבען, ווי פֿריהער, ווען זי האָט נישט געהערט?

און דאָך האָט זיך איהם פֿיעל מאָל געדאַכט, אַז ער רעדט ווי צו דער וואַנד.

ווען ער האָט איהר דערצעהלט פֿון דעם ים, וואָס איז אַזוי גרין ווי גראָז, איז איהם דאָך געקומען אויף די געדאַנקען, אַז זי ווייס נישט, וואָס גרין איז; ווען ער האָט איהר געזאָגט פֿון דעם הימעל, האָט ער דאָך געמוזט פֿערשטעהן, אַז זי ווייס נישט וואָס דאָס איז, וואָרום זי האָט קיינמאָל דעם הימעל נישט געזעהן.

— איך טהו דאָס מיינינגע — האָט ער זיך אַליין געענטפערט — און גאָט זאָל טהון דאָס זייניגע.

און ישראל, וואָס איז געוועזען ביי זיין אייגען פאָלק ווי פערשאָלטען, האָט דער בלינדער און שטומער טאָכטער פערצעהלט פון גאָט, פון גיהינום און גן־עדן, פון טויט און פון תחית־המתים.

אַ מאָל האָט אָבער פאַסירט אַ מעשה, וואָס האָט ישראל'ן איבערצייגט, אַז זי פערשטעהט נישט, וואָס ער זאָגט צו איהר.

דריי וואָכען זענען שוין פאָריבער געגאַנגען, זייט ער איז צוריק געקומען פון זיין רייזע, און די היץ איז גאָר נישט קלענער געוואָרען. דאָס געוויטער, וואָס איז גע־וועזען, האָט די לופט נישט געקיהלט און די ערד נישט דערפרישט, וואָרום דער רעגען האָט נישט לאַנג געדויערט. בוימער פלאַנצונגען און גראָז זענען פערברענט גע־וואָרען, און וואָס די זון האָט נישט פערברענט, האָבען די היישעריקען אויפגעפרעסען. דאָס גאַנצע לאַנד האָט אויסגעזעהן ווי אום ווינטער: עס איז נישט געוועזען קיין גראָז, קיין גרינס, די עהל־און מאַנדעלבוימער האָבען קיין שאָלען אויף זיך אויך נישט געהאַט.

די ערשטע כפרה פון דעם פלאָג זענען געוועזען בהמות; זיי האָבען נישט גע־האָט וואָס צו עסען, וואָס צו טרינקען, זענען זיי גיך אומגעקומען פון הונגער און דורשט. מען האָט זיי אַלע נאָכ'ן טויט אַרויסגעוואָרפען אונטער דער שטאָדט און דאָרט זענען זיי גיך פערפוילט, אָדער פערטרוקענט געוואָרען פון דער ברענענדיגער זון און הייסע ווינדען.

אויסגעדאַרטע הינד זענען באַלד געקומען צולויפען און געפרעסען דאָס פער־פוילטע פלייש. דערנאָך זענען זיי זיך צולויפען מיט אַרויסגעהאָנגענע צונגען, אום וואַסער צו זוכען.

זיי האָבען אָבער קיין וואַסער נישט געפונען ביז זיי זענען געקומען צום ים, געטרונקען דאָס געזאַלצענע וואַסער און געוואָרען משוגע פון ברענענדיגע דורשט. דערנאָך זענען זיי צוריק געקומען אין שטאָדט אַריין און די איינוואוינער האָבען שטענ־דיג געמוזט מיט זיי מלחמה האַלטען.

אַ מאָל האָט פאַסירט, אַז אַ משוגענער הונד איז פונקט אנטלאָפען אין דער גאַס פאַר אַ מאַסע מענשען, וואָס האָבען איהם געיאָגט. בשעת נעמי איז געגאַנגען מיט איהר ציג.

דאָס קול פון טויזענדער טריט און שרעקליכע געשרייען, האָבען די זעהר דער־שראָקען און ווי מיט נעגעל צוגעשלאָגען צו דער ערד. אין דערזעלבער מינוט איז דער הונד צוגעלאָפען צו דעם בלינדען מיידיל. וואָס האָט גאָר נישט געוואוסט, וואָס עס טהוט זיך. נאָר אין איין אויגענבליק איז די ציג צוגעשפרונגען צו דעם הונד און ווען דער הונד האָט זי אָנגעהויבען צו בייסען, האָט זי געשריען שרעקליך פון שמערץ און שרעק.

דערווייל זענען אָנגעקומען די מענשען, וואָס האָבען דעם הונד געיאָגט. דער הונד האָט געלאָזט די ציג און איז וויטער געלאָפען, די מענשען — נאָך איהם, און

נעמי איז געבליבען אַליין אויף דער גאַס מיט דער צוביסענער ציג, פֿון וועלכער בלוט האָט גערונען.

אויף דעם זעלבען אָרט האָט זי געפֿונען עלי און האָט זי מיט דער ציג אַהיים געפֿיהרט.

דער דאָזיגער צופֿאַל, נישט ישראל'ס ווערטער, האָט נעמי'ן אויסגעלערנט פֿער־שטעהן, וואָס עס איז לעבען און וואָס -- טויט.

מ'ט אונרוה האָט זי בעריהרט די ציג און ביי יעדען בעריהרען האָבען איהר די הענד געציטערט. דערנאָך האָט ז' זיך בעמיהט די ציג צו שטעלען אויף די פיס, און ווען די ציג האָט זיך נישט געקענט האַלטען אויף די פיס, האָט זי מיט בע־וואונדערונג אויפגעהויבען דאָס בלאַסע פנים, ווי זי וואָלט נעקוקט, אויף די, וואָס זענען דערביי געוועזען. און האָט נאָך אַ מאָל געפּרובּט די ציג אַוועקשטעלען שריי־ענדיג איהר אין אויער אַריין מיט אַלע קולות, וואָס זי האָט נור געקענט פֿון מויל אַרויסלאָזען. און ווען די ציג האָט איהר נישט גענטפֿערט מיט איהר בלעקען, האָט נעמי'ס מויל שרעקליך אָנגעהויבען צו ציטערן. זי האָט די ציג צוגעדריקט צו זיך, אונטערגעהאָרכט איהר אטהעם, אַרומגענומען, געקושט און געהאַלזט. די ציג האָט זיך אָבער נישט אָבגערופֿען און זיך נישט גערידהרט.

דאַמאלס האָט מען דערקענט אָן נעמי'ס פנים, אַז זי איז שרעקליך אויפגערעגט און איהרע אַלע אברים האָבען געציטערט. פֿאַר דעם טויט האָט די ציג דאָס לעצטע מאָל אויפגעהויבען די שווערע ברעמען און, ווי אויף געזעגנען זיך, נעמי'ן אַ לעק גע־טהון די האַנד און אויפגעהערט צו לעבען.

ישראל האָט דאָס אַלעס צוגעקוקט און דאָס האַרץ האָט איהם שיער נישט געפּלאַצט פֿון דעם שטילען געזעגנען זיך. די טויטע בהמה איז נישט פֿיעל מעהר טויט געוועזען פֿון דער לעבעדינער נעמי, וואָס האָט נישט אויפֿגעהערט צו וויינען אין די ציג צו צוהדיקען צו זיך. עס האָט זיך געדאַכט, אַז די גרויסע שמערצען וועלען נעמי'ן אַרויסרייסען פֿון מויל די פֿראַגע:

— וואָס איז דאָס? פֿאַר וואָס?

ישראל האָט נעמי'ן אַוועקגעשלעפט פֿון דער טויטער ציג און האָט צו איהר געזאָגט:

— די ציג לעבט שוין נישט, מיין קינה, זי לעבט שוין נישט!

דאַמאלס האָט ישראל דערזעהן, אַז נעמי האָט דאָס ערשטע מאָל פֿערשטאַנען, וואָס ער רעדט צו איהר, האָטש ער האָט איהר שוין אַזוי פיעל מאָל געזאָגט פֿון דעם טויט. בכן פֿערשטעהט זי זיינע ווערטער נישט, זי בעגרייפֿט נישט. אַז ער רעדט צו איהר, רעדט ער ווי צו דער וואַנד! דאָס אַלעס וואָס ער לייענט איהר פֿון תנ"ך, וואָס ער דערצעהלט איהר פֿון גאָט, איז אַלעס אַרויסגעוואָרפֿען, אומזיסט!

און דאָך — האָט ער זיך מישב געוועזען — איז בעסער היינט, ווען זי הערט ווי פֿריהער. און אַז גאָט האָט איהם געהאָלפֿען אַזוי ווייט, וועט ער איהם ווייטער אויך העלפֿען; זי וועט נאָך אויך קענען זעהן און רעדען.

---

## XIII.

ישראל איז געוואָרען אַ אַנדערער מענש, זיין האַרץ איז ווייכער געוואָרען און האָט מיטלייד בעקומען מיט מענשען. ערשט דאַמאלס האָט ער דערזעהן ווי גרויס און ווי שרעקליך עס זענען געוועזען די עַוְלוֹת, וואָס ער האָט געטהון און וויפיעל אונגליקען ער האָט געברענגט אויף די איינוואהנער פון לאנד.

ער האָט אויף זיך גענומען, אַז ווייטער וועט ער זיך שוין אַזוי נישט אויפ־פיהרען און דאָס אַלעס שלעכטס, וואָס ער האָט געטהון, זאָל ער פערבעסערן.

ער האָט טאַקי אָנגעהויבען צוריקצוגעבען דאָפּעלט דעם מס, וואָס ער האָט מיט אונרעכט גענומען. ער האָט אויך אויפגעזוכט די יורשים פון די וואָס זענען גע־שטאָרבען אין דער תפיסה און וואָס זייערע הייזער און פעלדער זענען פערקויפט גע־וואָרען אויף דעם מס. די יורשים האָט ישראל בעצאהלט פיער מאָל דאָפּעלט.

אין איין חדש איז ישראל געבליבען אָהן געלד; זיין גאַנץ פערמעגען איז אַריין אין חובות, וואָס קיינער, אויסער גאָט און זיין געוויסען, האָט נישט געקענט ביי איהם פאָדערן.

קיין דאַנק האָט ער דאָך דערפאַר נישט געקראגען. פערקעהרט: מען האָט פון איהם געלאַכט און מען האָט איהם נאָך מעהר פיינד בעקומען. געדאנקט האָט מען דעם קאיד, וויל ער — אַזוי האָט מען געזאָגט — האָט געצוואונגען ישראל, אָב־צוגעבען דאָס געלד. וואָס ער האָט מיט אונרעכט גענומען. בן־אבו און זיין פרוי עקאטערינא זענען אויף איהם אויך שרעקליך בייז געוואָרען, דערהערענדיג פון דעם, וואָס ער טהוט.

— אַבער נאַריש רחמנות — האָבען זיי געשריען — זאָל מען אַזאַ גרויס פערמעגען פערשווענדען!

ישראל׳ס שונאים זענען שטאַרקער געוואָרען דורך דאָס געלד, וואָס זיי האָבען פון איהם בעקומען און די, וואָס האָבען פריהער זיך געבוקט צו זיין פערמעגען, האָבען זיך איצט געפרעהט, זעהענדיג, אַז ער איז אָרים און עקאטערינא׳ן פלעגען זיי דער־צעהלען, ווי גוט ער איז פאַר אָרימע לייט, ביז זיי האָבען דערצו געבראַכט, אַז בן־אבו האָט זיך עטליכע מאָל געבייזערט אויף איהם, וויל ער איז אַזוי גוט צום פאָלק.

ישראל׳ן האָט דאָס שרעקליך פערדראָסען. צוואנציג יאָהר האָט ער דאָס פאָלק געדריקט, אום בן־אבו׳ן צו פערזיכערן זיין אמט און איהם אָבצוהיטען פון דעם זיידענעם שטריק וועלכען דער סולטאַן גיט זיך אויף איהם אויפצוהענגען יעדען קאיד וואָס קען נישט צאהלען דעם מס — און צום סוף בייזערט ער זיך נאָך! דאָך האָט ער זיך איינגעהאַלטען און האָט דעם קאיד גאָר נישט געזאָגט.

אין דער שטאָדט האָט מען דערוויל דערצעהלט, אַז דער קאיד האָט ישראל׳ן פיינד בעקומען, און עזות־פנים׳ער האָבען פון איהם הויך געלאַכט און איהם געזידעלט יעדעס מאָל, ווען ער איז אַרויסגעגאַנגען אין די גאַסען און האָט אָרימע לייט געלד געטהיילט, ער האָט זיי אפילו געקענט דערפאַר בעשטראָפען, ער איז אָבער שוין נישט פעהיג געוועזען זיך צו בייזערן, דעריבער האָט ער אַלעס שטיל געליטען, און ווען

ער האָט שוין די זידלערייען נישט געקענט דערטראָגען, האָט ער אָנגעהויבען זיך צו בעהאַלטען מיט זיין צדקה געבען, מיט זיינע מעשים טובים.

ער האָט זיך דערמאַנט, אַז ווען ער איז געגאַנגען אין די אַלטע מוידישע קליידער, האָט איהם קיינער נישט דערקענט. בכן זענען די קליידער אַ גוט מיטעל אום נישט דערקענט צו ווערען. יעדען אָוונד האָט ער זיך אָנגעקליידט אין אַלטע מוידישע קליידער און מיט פֿערשיעדענע אויסרעדען האָט ער צוריקגעגעבען אָרימעלייט דאָס געלד, וואָס ער האָט אַ מאָל פֿון זיי אויסגעדריקט.

— ווער ביסט דו? — האָט מען איהם נישט איינמאָל געפֿרעגט.

— אַ גוטער פֿריינד! — האָט ער געענטפֿערט.

— ווער האָט דיר דערצעהלט פֿון אונזער אָרימקייט?

— גאָט האָט זיינע גוטע מלאָכים.

נישט איין מאָל האָט ער געהערט ווי מען שילט איהם. אפילו קינדער פֿלעגען אויסשפּייען, הערענדיג זיין נאָמען דערמאַנען, און ווען ער איז נעהנטער צוגעקומען, האָט מען אויף איהם געוויזען און יטשילערהייט געזאָגט:

— דאָס איז אַ היילינגער. יעדען אָוונד קומט ער צוגעהן פֿון קברות. גאָט שיקט איהם אַראָב צו אָרימע וואָס ווערען בעדריקט פֿון ישראל׳ן.

דאָך האָט ער נישט מגלה געווען דעם סוד. אַז דער היילינגער איז ישראל וועלכען מען הערט נישט אויף צו שילטען. וואָרום וואָס שאַדעט איהם דאָס שילטען און וואָס פֿאַר גוטס קען איהם דאַנקבאַרקייט ברייננען? גענוג פֿיר איהם. אַז גאָט ווייס, וואָס ער טהוט און ווי ער האָט זיך פֿערבעסערט.

בשעת ישראל׳ן איז שוין גאָר וועניג איבערגעבליבען פֿון זיין רייכטהום, האָט ער זיך דערוואוסט, אַז אבשלום׳ס חברים קומען אום פֿון הונגער אין דער תפיסה פֿון סהאַווען. ביז דאַמאַלס האָבען זייערע קרובים פֿון טעטוען זיי דערנעהרט. זייט אָבער דער הייטערּיק איז אָנגעקומען, האָבען די קרובים אַליין הונגער געליטען. ישראל האָט געמיינט. אַז זיי איז ער אויך מחויב צו העלפֿען; אין אַלע עולות, וואָס דער קאָיד האָט געטהון, האָט ער זיך געהאַלטען פֿאַר דעם שולדיגען. ווען ער וואָלט דעם קאָיד נישט געלערנט — האָט ער זיך נעקלערט — וואָלט אפשר נישט אַזוי שלעכט גע־ווען די איינוואָהנער.

ווען ער האָט אָבער בערעכענט, וויפֿיעל איהם איז געבליבען, האָט ער זיך איבערצייגט, אַז ער איז אַ אביון, עס איז איהם מעהר נישט געבליבען, ווי זיין ווייבס צירהונג, וועלכע איז ביי איהם טהייערער געוועזען ווי זיין גאַנץ פֿערמעגען, וואָס ער האָט פֿריהער געהאַט. איצט אָבער האָט ער בעשלאָסען די צירהונג אויך צו פֿערקויפֿען.

מיט דעם שליסעל אין דער האַנד, איז ער צוגעגאַנגען צו דעם צימער. וואָס איז נישט געעפֿענט געוואָרען זייט רות איז געשטאָרבען.

נעמי איז מיט איהם מיטגעגאַנגען.

אַ לופֿט ווי פֿון אַ אָפֿען קבר האָט זיי אַרומגענומען, בשעת די טיהר איז געעפֿענט געוואָרען; פֿון אונטער גראָבע כּאַבען שטויב, וואָס איז יאַהרען־לאַנג נישט

נעריהרט געוואָרען, האָבען נעבלאנקט פיינער זייד. טהייערסטע האפטען, רויטע פאנ־טאָפעל און נאָך פיעל פערשידענע טהייערע זאַכען.

די אַלע זאַכען האָבען ישראל'ן דערמאָנט די אַלטע צייטען, ווען ער איז גליק־ליך געוועזען מיט דער שענער יונגער פרוי. וואָס איז געוועזען געקליידט אין דעם אַלעס און איצט ליגט זי אין גרוב שוין צעהן יאָהר.

ער האָט נישט געקענט לאַנג קוקען אויף די זאַכען; ער האָט זיך באַלד אומ־געדרעהט צו דער שקאַטולע מיט דער ציהרונג, וואָס איז געשטאַנען נעבען דער וואַנד. מיט ציטערנדינע הענד האָט ער די שקאַטולע געעפענט און פון אונטער דעם שטויב האָבען געבלאנקט טהייערע האַלזקייטען, בראַנזאָלעטען, פינגערליך און אוירינגען. ער האָט אַרויסגענומען איינס נאָך דעם אַנדערן און די אוינען זענען איהם מיט טרעהרען בענאָסען.

— נישט פאַר זיך — האָט ער צו זיך אַליין געזאָגט — נישט פאַר זיך פערקויף איך זיי, נישט אויף ברויט, אָדער אויף וויין: ניין, ניין, אפילו פאַר אַלע אוצרות פון דער וועלט וואָלט איך זיי נישט פערקויפט!

ער איז געוועזען זעהר פערטיפט אין די געדאַנקען און האָט נישט בעמערקט, אַז נעמי, וואָס האָט מיט בעוואונדערונג בעריהרט די זאַכען, וואָס זענען צעוואָרפען געוועזען, דערהערענדיג דעם קלאַנג פון ציהרונג, האָט פלוצלינג געהאַפט איין קייט, אַרומגענומען זי אַרום איהר האַלז און זיך צעלאַכט מיט איהר הויך, פרעהליך געלעכטער.

ישראל האָט געציטערט ווי אַ פיש אין וואַסער. ער האָט זיך דערמאַנט די מינוט, ווען נעמי האָט אין דערזעלבער קייט געטאַנצט, בשעת איהר מוטער איז גע־וועזען אַ גוססת. ער האָט אָבער גיך צוזאַמענגענומען אַלע כחות, אַראָבגענומען די קייט פון דעם מיידילס האַלז, זי אַריינגעוואָרפען אין די שקאַטולע און גיך געלאָפען צו דעם סוחר, וואָס האָט געוואָלט די ציהרונג קויפען.

דער סוחר איז געוועזען ראובן מלכי, איינער פון די דריי פראָצענטניקעס, וואָס זענען געוועזען ישראל'ס גרעסטע שונאים. ער האָט חוץ פראָצענט, אויך געהאַנדעלט מיט ציהרונג, און ישראל האָט זיך צו איהם געווענדט, ווייל ביי איהם איז די ציהרונג געקויפט געוואָרען, און ער האָט אין טעטוען נישט אויפגעהערט צו דערצעהלען, אַז עס איז טהייערער ווי גינגאָלד פון שבא.

און דאָך ווען ישראל איז אַריינגעגאַנגען צו איהם מיט דער שקאַטולע, האָט ער מ'כלומר'ש קאַלטבלוטיג געקוקט אויף איהם און אויף די ציהרונג, חאָטש אין האַרצען האָט ער זיך זעהר געפרעהט פון דעם, וואָס זיין שונא איז אַזוי אָרים, אַז ער מוז שוין די ציהרונג פערקויפען.

ראובן האָט זיך אָנגעהויבען צו דינגען, אָנקוקענדיג און אָװעקוואַרפענדיג די טהייערע שטיינער, קרעלען און פערל.

אין ישראל'ן האָט דאַס בלוט אָנגעהויבען צו זידען, זעהענדיג ווי דער פראָ־צענטניק בענעהט זיך מיט דער ציהרונג, וואָס זיין רות האָט אַמאָל געטראָגען. ער האָט זיך אָבער באַלד דערמאַנט אין אבשלום'ס הברים און ווען ראובן האָט איהם

גענעבען פֿאַר די ציהרונג העלפֿט, וויפֿיעל עס האָט איהם געקאָסט, האָט ער שטילער־הייט צונענומען דאָס געלד און אַוועקגעגאַנגען.

דאַמאלס איז פונקט געווען יריד אין שטאָדט. אויבסט־הענדלער זענען געזעסען בײַ זייערע קראָמען מיט ווײַנטרויבען, פײַגען, מעלאָנען און טײטלען. אויף אַ גרויסען, אויגברוקירטען פלאַץ זענען געזעסען פֿרויען מיט זעהר גרויסע שטרוי־היטען אויף די קעפּ נעבען ראַגאָזשעס, אויף וועלכע עס זענען געלעגען גרויסע, קײליכיגע ברויטען. אונטער געצעלטען פֿון לײַסטען מיט טרוקענע בלעטער זענען געלעגען קצבים און האָבען אַראָב געיאָגט פֿליגען פֿון דעם פֿלייש, וואָס האָט פֿון דער היץ בעקומען אַ משונה׳דיגע קאָליער.

— קויפט, קויפֿט, קויפֿט! — האָט מען געהערט שרייען פֿון אַלע זייטען.

מאַסען אָרימע לײַט אין אָבגעריסענע מלבושים און שמוציגע טורבאַנען האָבען זיך געדרונגען מיט די הענדלער. אייזלען און מוילאייזלען האָבען זיך קוים דורכגעשטופּט דורך די מאַסען מענשען. געשרייען: אררא־ה! אררא־ה! בלק! בלק!״— האָבען נישט אויפֿגעהערט. גערויש, געפילדער, געטומעל, שבועות, הרמות האָט מען פֿון אַלע זייטען געהערט.

ישראל האָט געקויפֿט זעהר פיעל פֿלייש, ברויט, ווײַנטרויבען און פֿײַגען, דער־נאָך האָט ער געדונגען זעקס מוילאייזלען און צוויי מענשען, אַז זיי זאָלען דאָס אַלעס פֿיהרען קיין סהאווען אין דער תפיסה. פֿאַר זיך און עלי׳ן האָט ער אויך געדונגען צוויי מוילאייזלען, וואָרום ער האָט געוואוסט, אַז אין אַזאַ הונגער צײַט קען מען קיינעם עסענוואַרג נישט אַנטרויען.

אין מיטאָגצײַט איז ער אַרויסגעפֿאָהרען פֿון דער שטאָדט. ער האָט גערעכענט, אַז דאַמאלס וועט איהם קיינער נישט זעהן, וואָרום דאַמאלס בעהאַלטען זיך די אײַנ־וואָהנער פֿון די שטעדט אין די הײַזער, ווייל זיי האָבען מורא פֿאַר די שרעקליכע היץ.

עס האָט איהם טאַקי קיינער נישט געזעהן אַרויספֿאָהרענדיג. נאָר ווען ער איז געקומען צו דעם טהויער באַב־שוט, האָט ער בעגעגענט אַ מאַסע מענשען, וואָס זענען אַרויסגעגאַנגען אונטער דער שטאָדט בעטען גאָט, אַז ער זאָל פֿון זיי אַראָבנעהמען די פלאָג פֿון היישעריק.

אַ אַלטער יוד, מיט אַ לאַנגער, גרויער באָרד איז געגאַנגען נעבען אַ הייבען מײַער אין ווייטע מלבושים. דאָס זענען געווען דער רב פֿון טעטוען מיט דעם אימאַן פֿון די מאַהמעדאַנער; נאָך זיי זענען געגאַנגען מאַסען יודען און מאַהמעדאַנער. אַלע זענען געגאַנגען באָרפֿיס און האָבען געבעטען:

— גאָט פֿון אברהם, יצחק און יעקב! — האָבען יודען געבעטען — האָב אויף אונז רחמנות!

— באַרמהערציגער גנעדיגער אַללאה! — האָבען געשריען די מאַהמעדאַנער — ערבאַרם זיך אויף אונז!

— רבונו של עולם! — האָט געשריען דער רב אויפֿהויבענדיג די הענד צום הימעל — שיק אַ רעגען, וואָס זאָל אויסראַטען די אייער פֿון די היישעריקען, אויב

עס וועט חלילה נישט רעגנען, וועלען זיי אַרויסוואַקסען אונטער די זון, ווי רייז אויף פּרוכטבאַרער ערד, און מיר און אונזערע קינדער וועלען שטאַרבען פון הונגער!

און יודען האָבען נאָך איהם גערופען:

— גאָט פון אברהם, יצחק און יעקב! זיי אונזער שוץ, הער אויס אונזער תפלה!

— אללאַה, ראַטעווע אונז! — האָבען די מאַהמעדאַנער גערופען.

אין דעם לאַנד, וואָס איז פול קנאה, שנאה און רדיפות איז פּלוצלינג שלום געוואָרען צווישען יודען און מאַהמעדאַנער; פאַר דעם הונגער און דעם טויט האָבען אַלע גליוך מורא געהאַט און די שטאָלצע מוירען זענען געגאַנגען נעבען די יודען, וועלכע זיי האָבען זעהר פיינד און אַלע האָבען צוזאַמען גאָט געבעטען.

ישראל איז געגאַנגען אין אַ זייט, אַז די בעטענדע זאָלען איהם נישט זעהן. ווען ער איז געקומען אונטער דער שטאָדט, האָט ער זיך אָנגעהויבען צו איבערלעגען, וואָס ער טהוט, און האָט ביי זיך אין האַרצען מודה געוועזען, אַז דאָס אַלעס גוטס, וואָס ער טהוט פאַר אָרימע און ליידענדע, טהוט ער נור פאַר זיך זעלבסט, ווייל ער האָט ליעב נעמי'ן און וויל, אַז גאָט זאָל זיך אויף איהר דערבאַרמען. וואָס נעהנטער ער איז געוועזען צו דער תפיסה, אַלץ מעהר האָט ער אַראָבגעבויגען דעם קאָפּ אויף דער ברוסט; עס האָט זיך איהם געדאַכט, אַז די זון, וואָס ברענט איהם פון דער הויך דעם קאָפּ, האָט אויגען און קוקט איהם אַריין טיעף אין זיין נשמה וואָס איז זעהר זינדיג, האָטש ער פאַהרט מ'כלומר'שט רעטען ליידענדע אָרימע, ווארום דאָס אַלעס טהוט ער נור פאַר זיך זעלבסט, צוליעב זיין נעמי'ס וועגען.

אָוועגד איז ישראל געקומען צו די שענע גערטנער און וויינגערטנער, וואָס זענען אַרום דער שטאָדט סהאוועז, דאָרט האָבען איהם דערקענט עטליכע יודען, וואָס זענען אַמאָל אַנטלאָפען פון טעטועז, ווייל זיי זענען דורך ישראל'ן שרעקליך בעדריקט געוואָרען און פון זיי איז די גאַנצע שטאָדט באַלד געוואהר געוואָרען, אַז ישראל קומט אָן.

ווען די אונגליקליכע אין דער תפיסה האָבען זיך דערפון דערוואוסט, האָבען זיי זיך שרעקליך דערשראָקען, מענער, פרויען און קינדער, אויסגעדאַרטע פון הונגער האָבען פון שרעק געשלאָגען די קעפּ אָן די פייכטע מויערן פון דער תפיסה און האָבען זעהר ביטער געשריען, די זעלבע מענשען, וואָס האָבען אַ מאָל גלייך געקוקט אין די אויגען דעם טויט, וואָס האט צו זיי געקוקט פון דעם תהום, אָדער פון די זעלנערס שווערטען, האָבען איצט געבעטען אום אַ אָרים לעבען, אַ לעבען פון הונגער און שרעקליכע צרות.

ישראל האָט געוויזען דעם קאַיד'ס חתימה, וואָס ער האָט אַלע מאָל ביי זיך געטראָגען, און מען האָט איהם געעפענט די טהירען פון דער תפיסה; די אונגליקליכע זענען געפאַלען האַלב טויט אויף דער ערד און האָבען קיין כח נישט געהאַט אפילו צו בעטען.

— שטעהט אויף! — האָט ישראל צו זיי געזאָגט — איך בין נישט געקומען אייך אַ עולה טהון! זעהט! ברויט, פליישׁ! נעמט, און גאָט זאָל אייך בענטשען!

מיט אַ ציטערנדינער האַנד האָט ער זיי געוויזען עלי'ן מיט די מענשען, וועלכע האָבען געטראָגען דאָס אַלעס, וואָס ער האָט פֿון דייערט וועגען געבּראַכט.

די אומגליקליכע, זעהענדיג, אַז דער, אויף וועלכען זיי האָבען גערעכענט, אַז ער בּרענגט מיט זיך שרעקען און טויט, קומט זיי דאָס לעבען צו רעטען, האָבען איהם אַרומגענומען פֿון אַלע זייטען און הייסע טרעהרען זענען זיי גערונען אויף זייערע אויסגעדאַרטע פּנים'ער. און ישראל איז מיטען, באָרפֿוס און מיט שטויב בּעדעקט, האָט דערשפּירט אַ מין שמחה, וואָס ער האָט נאָך קיינמאָל נישט געפֿיהלט.

ענדליך האָט אַ אַלטער קוקענדיג אויף ישראל'ן געזאָגט:

— גאָט פֿון אברהם, יצחק און יעקב זאָל דיך בּענטשען!

דאַמאָלס האָבען אַלע אַנידערגעקניעט פֿאַר איהם און האָבען איהם אָנגעהויבען דאַנקען און בּענטשען:

— זאָל דיר בּעצאַהלען דער גאָט פֿון פֿערלאָזענע און אומגליקליכע!

— זאָל גאָט שיקען אַ ברכה אויף דיין ווייבס קינד!

ישראל האָט זיך אויסגעדרעהט און אויף זיין פּנים איז געוועזען איסנגעגאָסען צער. די לעצטע ווערטער, וואָס ער האָט געהערט, האָבען אָנגעריהרט אַן דיין וואונד. די אומגליקליכע זענען געגאַנגען נאָך איהם, קושענדיג די זוימען פֿון זיין לאַנגען קאַפּטאַן און אונטעררוקענדיג איהם זייערע קינדער, אַז ער זאָל זיי בּענטשען. ישראל איז אָבער גיך אַרויס פֿון דער תפיסה און אַנטלאָפֿען פֿון דער שטאָדט.

---

## XIV.

ווען ישראל וואָלט געקענט אַריינקוקען אין נעמי'ס האַרץ, וואָלט ער זיך איבערצייגט, אַז חאָטש ער האָט זי זעהר ליעב געהאַט, דאָך איז זי צו איהם מעהר צוגעבונדען געוועזען, ווי ער צו איהר. זייט רות איז געשטאָרבען, איז ער געוועזען איהרע אויגען, איהרע אויערן, ער האָט זיך מיט איהר דורכגערעדט דורך דאָס בּעריהרען די האַנד, אָדער דעם שטערן, ער איז געוועזען דער איין איינציגער שליסעל צו דעם לעבען און צו דער וועלט. נור ביי איהר פֿאָטער האָט נעמי איינגעאָטהעמט לעבען; ווען ער איז ביי איהר נישט געוועזען, איז זי געוועזען ווי טויט.

ווען ישראל האָט געוואָלט פֿאָהרען קיין סהאווען, איז נעמי זעהר דערשראָקען געוואָרען און האָט איהם אַרומגענומען מיט בּיידע הענד. זעהר לאַנג האָט זי איהם געהאַלטען און נישט אַוועק געלאָזט; זי האָט אודאי געדענקט זיין רייזע קיין מעקינעץ און איהר קראַנק בשעת די רייזע. ישראל האָט זיך בּעמיהט זי צו בּערוהיגען, ער האָט געגלעט איהרע האָר און געקושט איהר שטערן, ווי ער וואָלט זי דערמיט געוואָלט איבערבעטען פֿאַר די עולה, וואָס ער טהוט איהר. נעמי האָט אָבער מיט שרעק אָנגעהאַפּט זיין מאַנטעל, ווי אַ קליין קינד איהם פֿעסט געהאַלטען און נישט אַוועק געלאָזט. ישראל האָט זיך אַרויסגעריסען פֿון איהר און האָט הויך געלאַכט, אום זי צו איבערצייגען, אַז ער פֿערשטעהט איהר מורא און דאָך לאַכט ער דערפֿון. אויף נעמי'ן האָט אָבער זיין לאַכען נישט געווירקט, און זי האָט אָנגעהויבען הויך צו וויינען.

— שוויג, שוויג! — האָט זי ישראל געבעטען — מאָרגען וועל איך צוריק קומען אַהיים. הערסטו, מיין קינד? מאָרגען, מאָרגען, ווען די זון וועט אונטערגעהן.

ווען ישראל איז אַוועק געגאַנגען פון איהר, האָט זי נאָך מעהר מורא געהאַט; איהר פּנים האָט געברענט, די אויגען האָבען געבלאַנקט, און די הענד האָבען אונרוהיג געריסען די קליידער. אַ מאָל האָט זי זיך אַנידערגעזעצט, אַ מאָל האָט זי זיך אויפגעהאַפּט פון אָרט און אונטערגעהאָרכט. פון דער ברוסט האָבען זיך איהר אַרויסגעריסען זיפצען, טהיילמאָל האָט זי פון מויל אַרויסגעלאָזט אַזוינע געשרייען, וואָס מען האָט פריהער קיינמאָל פון איהר נישט געהערט.

די שקלאַפינען האָבען נישט געוואוסט, וואָס צו טהון מיט איהר. מיט אַ פערוויינט פּנים איז זי עטליכע מאָל אַרויפגעפאַלען אויף פאַטימאַ'ן און רייסענדיג זי ביים אַרבעל, האָט זי איהר פנים אויסגעדרעהט צו איהר, ווי זי וואָלט איהר גלייך געקוקט אין די אויגען אַריין און געפרעגט, וואו איהר פאָטער איז? פאַטימאַ האָט זיך אויך צעוויינט און זיפצענדיג געזאָגט:

— וואָס וועט געביך זיין מיט דעם אָרימען קינד?

— זי וועט חלילה ווערען קראַנק ווערען — האָט האביבאה געזאָגט.

די גאַנצע נאַכט האָט נעמי זעהר אונרוהיג געשלאָפען. ווען עס איז נור טאָג געוואָרען, איז זי אויפגעשטאַנען און איז וואָס שפּעטער אַלץ מעהר אונרוהיג געוואָרען. פון איהר מויל האָבען זיך אַרויסגעלאָזט געשרייען, וועלכע די שקלאַפינען האָבען געהאַלטען פאַר ווערטער. וואָס איינס קומט נישט צום צווייטען.

ענדליך איז שוין געוואָרען פאַרנאַכט. נעמי האָט דאָס דערקענט אין דער קיהלקייט און האָט אָנגעהויבען אונטערצוהאָרכען די קולות פון די גאַסען. וואָס האָט זי פון דאָרט געהערט? די שקלאַפינען, וואָס האָבען זי איין מינוט נישט אָבגעלאָזט, האָבען מעהר נישט געהערט, ווי דאָס געוועהנליכע גערויש פון דער גאַס — דאָס רוישען פון קינדער, געשרייען פון מוטער'ס, רופען פון מוילאייזלען-טרייבער.

צי האָט נעמי נאָך עפּיס געהערט? צי האָט זי אין דעם גערויש אויך דערהערט עפּיס נישט געוועהנליכעס?

ענדליך האָט זי זיך איינגעשפּאַרט, אַז זי מוז אַרויסגעהן אויף דער גאַס, און פאַטימאַ און האביבאה, זעהענדיג, אַז זיי קענען זי נישט בערוהיגען, זענען מיט איהר אַרויסגעגאַנגען.

די זון איז שוין געווען אונטערגעגאַנגען אַ שעה פריהער, און אין שטאָדט האָט אָנגעהויבען שטילער צו ווערען. נאָר נעבען דעם טהויער פון מעללאה זענען זיך צוזאַמען געלאָפען זעהר פיעל מענשען. דאָס טהויער איז דאַמאַלס, נישט ווי געוועהנליך, נאָך אָפען געווען.

אין מיטען די צוזאַמענגעלאָפענע מענשען זענען געשטאַנען יודען און האָבען צווישען זיך געפיהרט עפּיס אַ הייסען וכּוח. אַרום זיי איז געווען זעהר שטיל.

פאַטימאַ און האביבאה האָבען דערקענט, אַז עס געשיהט עפּיס אונגעוועהנליכעס, פאַר וועלכען נעמי האָט אפשר מורא געהאַט. אָבער וואָס? צו וואָס האָבען זיך די מענשען דאָ פערזאַמעלט?

נעמי'ן האבען זיי בשום אופן נישט געקענט אהיים שלעפען און דעריבער זענען די געגאנגען נעבען איהר, ביז זיי זענען געקומען צום מאַרק־פלאַץ, וואו עס זענען געוועזען פערזאמעלט זעהר פיעל מענשען, און זיי האבען נישט געקענט ווייטער געהן.

די פערזאמעלטע זענען נישט געוועזען די וואס פערזאמלען זיך אלע מאל אויף דעם פלאץ, נור בלויז יודען פון אלע קלאסען, יונגע און אלטע; דארט האט מען געזעהן דעם איינגעהויקערטען, יונגען קצב אין זיינע פערבלוטיגטע, צוריסענע מלבושים און אויך דעם אלטען, גרייז גרויען באַנקיער אין נייעם, מיט גאלד געהאפטענעם קאפטאן.

די יודען זענען זיך דא צוזאמען געקומען, אום צו בעטראַכטען זייער שטאנד, וואס איז זעהר שרעקליך געווארען איבער דעם היישעריק. דעריבער האבען די מוירען זיי געלאזט זיין אויף יענער זייט פון די טהורען פון מעללאה נאך דעם זון־אונטער־גאנג. פון דער ווייטענס זענען אויך געשטאנען מוירען, צוקוקענדיג און אויסהערענדיג, נאר נאהענט צו די יודען זענען זיי נישט צוגעגאנגען, פון „אונגלויבער" מוזען זיי זיך האלטען ווייט.

פון די פערזאמעלטע יודען האט מען געהערט שרייען, קללות, זידלערייען און פון אלע זייטען האט זיך געלאזט הערען דער נאמען פון ישראל בן עליאל. איהם האט מען דאס געשאלטען, אויף זיין קאפ האט מען ארויפגעלעגט אלע אונגליקען וואס זענען געקומען אויף דעם לאנד אין די לעצטע צוואנציג יאהר.

נעכטען האבען זיי געבעטען גאט אונטער'ן הימעל, אז ער זאל זיך מרחם זיין און זאל שיקען א רעגען, אום צו פערטילגען די אייער פון היישעריק, און דאך האט די זון ווייטער געברענט ווי פריהער און קיין רעגען איז נישט געווען. זיי זענען דעריבער איבערצייגט געווארען, אז גאט שטראפט זיי פאר זייערע זינד.

אבער ווער זענען די זינדיגע צווישען זיי? דער גרעסטער פושע איז ישראל. ער האט זיך פערקויפט זייערע שונאים, ער איז א אמת'ער עוכר ישראל; איבער איהם האבען פיעל יודען געמוזט אַנטלויפען פון דער שטאדט; איבער איהם זענען פיעל גענומען געווארען אין דער תפיסה און פיעל זענען געשטארבען. גאט אליין האט געוויזען ווי פיינד ער האט איהם און האט איהם געגעבען א קינד וואס איז געבוירען געווארען בלינד, שטום און טויב, און וואס איז נאך ביז איצט שטום און בלינד.

האבען גאט'ס הענד געקענט נאך בפירוש'ער ארויסשרייבען זיין צארן אויף ישראל'ן? ער איז א עוכר ישראל און פאר זיינע זינד מוזען זיי נעביך ליידען. גאט שטראפט זיי, ווייל זיי האבען געשוינט דעם זינדיגען. אזוי ווי ער האט געשטראפט שאול המלך'ן ווייל ער האט געשוינט אגג'ן דעם מלך פון עמלק. זיבצעהן יאהר איז ער אין שול נישט געוועזען, קיין תעניתים, קיין ימים־טובים נישט געהאלטען. גאט וועט זיך נישט אויפהערען צו בייזערן, אויב זיי וועלען דעם עוכר ישראל נישט בעשטראפען אזוי ווי ער איז ווערט. זאל מען איהם נור אויסראטען פון יודען, וועט אודאי באלד אנהויבען צו רעגנען און עס וועלען פערטילגט ווערען די היישעריקען. אויב זיי וועלען אבער נישט טהון דאס, וואס זיי זענען מחויב, וועלען זיי באלד זעהן די שטראף, אין אכט און צוואנציג טעג ארום, וועלען די היישעריקען ארום פון די

אייער, דערנאָך וועט נאָך דויערן אַכט און פערציג טעג און די היישעריקען וועלען בעקומען פלינעל. און איידער די זעקס און זיבעציג טעג וועלע פאַריבערגעהן וועט מען שוין ברויכען צו שניידען ווייץ און גערשטען, די היישעריקען וועלען אבער אַלעס בעדעקען, די שפּיכלער וועלען שטעהן ליידיג. אַלע וועלען קומען אין שטאדט אַריין און צוזאַמען מיט די שטאדט־לייט שטארבען פון הונגער מיט ווייב און קינדער.

אָהן קאיד׳ס וויסען האָבען זיי אָבער ישראל׳ן גאָר נישט געקענט טהון און צום קאיד האָבען זיי זיך אויך נישט געקענט ווענדען. וואָרום וואס וועלען זיי איהם זאָגען? אַז גאָט האט אויף דעם לאַנד געשיקט די היישעריקען איבער ישראל׳ס זינד? בן־אבו וועט זיי אויסלאַכען און וועט זאָגען, ווי יעדער מאַהמעדאנער, „אַזוי איז געוואָרען אָנגעשריבען״. זיי וועלען איהם זאָגען, אַז אום צו שטילען גאָטס צאָרן מוז אַ יוד אומקומען? וועט ער נאָך אַלע יודען הייסען אויסהרג׳ענען.

אַזוי האָט די שטאדט אויסגעזעהן, בשעת נעמי איז געשטאַנען ביי די מאַסען מענשען, וואס האבען איהר פערשטעלט דעם וועג, אַז זי זאָל נישט קענען וויטער געהן. פאטימא און האביבאה האבען דערהערט ווענען וואס די מענשען האָבען זיך פערזאַמעלט און האָבען פערשטאַנען, אַז פאַר ישראל׳ס דינסטען איז אַ סכנה צו זיין צווישען דער פערזאַמלונג. זיי האָבען אויך מורא געהאַט, אַז נעמי זאל נישט דער־הערען די קללות, וואס מען גיסט אויס אויף איהר פאטער, און דעריבער האבען זיי געוואָלט ווי אמגיכסטען מיט איהר אַוועקגעהן.

נעמי איז אָבער געשטאַנען ווי פערשטיינערט און האט זיך פון אָרט נישט געוואָלט ריהרען; זי האט געציטערט, איהר ברוסט האט זיך אויפגעהויבען און זי האט שווער געאַטהעמט. איהר קאָפּ האט זי אַראָבגעבויגען, מיט די ווייסע ליפּען גע־ריהרט און מיט אַלע כחות זיך איינגעהערט צו די אויסגעמישטע קולות פון דעם המון.

פּלוצלינג האט זי דערהערט אַ הויך, גראָב הייזעריג קול. נעמי האט דאס קול געקענט, זי האט געוואוסט, אַז דאס שרייעט אברהם אלחנן, דער פּראַצענטניק.

— ברידער פון טעטואַן! — האט ער אנגעהויבען — אויף וואס ווארטען מיר? זאלען מיר געהן צום קאיד, וואס איז באמת אַ גוטער, נאר איבער דעם פושע איז ער געגניט געוועזען אונז עילות צו טהון, האטש ער וויל נישט. זאלען מיר צו איהם געהן און איהם זאגען: „הער באשא! פינף און צוואנציג יאהר האט איינער פון אונזער פאלק געדריקט דיינע אונטערטהענער, אַרויסגעיאגט פון די הייזער, אין וועלכע זייערע זיידעס און עלטער־זיידעס האבען נאך געוואהנט, אונז בערויבט, אַוועק גענומען אַלעס, וואס מיר האבען געהאַט. גיט דיר אַזאַ אויפפיהרונג כבוד, אָדער פערדיענסט?

מיט הייסע געשרייען האט דער המון אויסגעדריקט זיין צופרידענהייט און זיין איינוויליגונג, און דער פראצענטניק האט מיט זיין גראָב קול וויטער געזאגט:

— נישט נור יודען, אָבער אויך מאַהמעדאַנער האָט ער אונגליקליך געמאכט. אונטער דער רעגירונג פון סולטאַן, וואָס גיט פרייהייט זיינע אונטערטהענער, אונטער דעם הערשען פון אונזער קאיד, וואָס ליעבט אמת און גערעכטיגקייט, אין דעם לאַנד פון פרייהייט, אין דער שטאדט, וואָס גאָט האָט איהר זיין חסד געשענקט, ווערען

מיר, ידען און מאַהמעדאַגער יעדען טאָג אַרימער. איצט האָבען מיר אויך די היישעריקען, דאָס לאַנד איז חרוב, אונזער לעבען איז אין אַ סכנה. אין דער פּריה זאָגען מיר: „אָה, הלואי זאָל שוין נאַכט ווערען”, און אַוונד זאָגען מיר: „הלואי זאָל שוין ווערען טאָג. הער באַשא, נעם צו ביי אונז אונזער יוד, און גיב אונז אַ הערשער פון אַ אַנדער פאָלק, אַ מויר, אַ אַראַבער, ווען דו ווילסט און מיר ווילען דיך בענטשען!

דער המון האָט איהם געענטפערט:

— צו בן־אבו! צו בן־אבו! אויף וואָס וואַרטען מיר? צום קאַיד! צום קאַיד!

אינדעם האָט זיך געהערט אַ קול ווי פון אַ פולען האַלז. נעמי האָט געוואוסט, אַז דאָס שרייט יהודה בן לאַל, דער פּראָצענטניק, וואָס איז געוועזען אַ גבאי אין שול.

— צו וואָס זאָלען מיר געהן צום קאַיד? — האָט ער געזאָגט — האָט דען דער קאַיד אין דער לעצטער צייט נישט געוויזען, אַז ער האָט ישראל'ן פיינד? צו וואָס זאָלען מיר איהם אומזיסט בעלעסטיגען? טהוט אַליין, וואָס איהר ווילט און בן־אבו וועט אייך דאַנקבאַר זיין, ווייל איהר האָט איהם בעפרייט פון אַ דיענער, וואָס האָט איבער איהם געהערשט!

די ווערטער האָבען נאָך מעהר אויפגעהעצט דעם המון.

— אַ סוף זאָל מען אַ מאָל מאַכען מיט דעם עוכר ישראל. אַ סוף מיט דעם, וואָס האָט אַזוי פיעל מענשען אונגליקליך געמאַכט! אַ סוף!—האָבען פיעל געשריען, און קיינער האָט נישט פּראָטעסטירט. קיינער האָט נישט געבעטען, אַז מען זאָל נאָך וואַרטען.

נעמי האָט דערנאָך ווייטער געהערט, ווי ראובן מלכי האָט הויך געשריען:

— נישט נור בן־אבו — אַ ברכה אויף זיין קאָפּ — וועט אייך דאַנקבאַר זיין, ווייל ער וועט פּטור ווערען פון אַזאַ דיענער. נאָר קודם־כל וועט גאָט פון אונז זיין צאָרן אראָבנעהמען, אַז מיר ווענלען אַ סוף מאַכען מיט אַזאַ עוכר ישראל, מיט אַזאַ פּושע. זעהען מיר דען נישט שוין פינף און צוואַנציג יאָהר אָן, ווי גאָט האָט איהם פיינד? רות איז יונגערהייט געשטאָרבען! איהר פאָטער, אונזער רב איז געשטאָרבען אין דערזעלבער נאַכט. ווען ישראל האָט מיט זיין טאָכטער התונה געהאַט. זיין טאָכטער נעמי איז בלינד און שטום! איהר זאָגט, אַז גאָט האָט איהם געגעבען עשירות? אָבער ווייסט איהר דען נישט, אַז דאָס געלד, וואָס ער האָט נערויבט ביי מענשען, האָט ער שוין געמוזט אָבגעבען? און איהר קענט נאָך אַ ספק האָבען אין דעם, אַז גאָטס צאָרן יאָגט איהם?

נעמי, וואָס האָט געדריקט די האַנד פון פּאַטימאַין, וועלכע האָט זי געוואָלט פון דאָרט אוועקפיהרען, האָט דערהערט דאָס ציטערדיגע קול פון דער נייינציגיעהריגער רבקה בן־שבת:

— שטיל — האָט זי געשריען — צו וואָס זאָל מען אַזוי לאַנג רעדען? איך וועל אייך זאָגען, וואָס איהר זאָלט טהון. איהם ברויך מען צו פערשטיינען. פאַר ווען האָט איהר מורא? פאַר דעם קאַיד? ער וועט אייך אויסלאַכען! איהר האָט מורא, אַז איהר זאָלט נישט ברויכען פאַר איהם צו בעצאָהלען? ווער וועט דאָס פון אייך פערלאַנגען? די שטומע נעמי? אַ חרפה און אַ שאַנד! מורא זאָל מען האָבען

— זאָלען מיר איהם האַטש פון דער שטאָדט אַרויסיאָגען!

— צו איהם! צו איהם!

— צו ישראל בן עליאל, דעם עוכר ישראל! האָט דער המון געשריען, און אָנגעהויבען צו געהן צו ישראל׳ס הויז. נאר פלוצלינג האָט זיך געהערט א געשריי:

— דאָ איז ער!

ישראל איז טאַקי פונקט דאַמאָלס אָנגעקומען. ער איז געגאַנגען צו פוס פון טהויער באב־טוט. נישט ווייט פון איהם איז געריטען אויף א מוילאייזעל עלי און האָט געפיהרט ביי די האַנד דאָס צווייטע מוילאייזעל.

צוריקגעהענדיג פון סהאווען האָט ישראל נור אין זין געהאט די ברכות, וואס די אונגליקליכע האבען איהם געגעבען: „גאָט פון אברהם יצחק און יעקב״ — האט א מאהמעדאנער געזאגט, ווי א קידוש השם איז דאס! „זאָל גאָט שיקען א ברכה דיין ווייבס קינד!״ — האבען איהם אונגליקליכע געבענטשט. וועט איהם גאָט איצט אויך נישט העלפען?

נעמי האט פון ווייטענס דערהערט זיינע טריט און האט זיי דערקענט. נאר אין דערזעלבער מינוט, האט זי דערהערט א געשריי:

— גאָט ניט איהם אונז אין די הענד אריין!

דערנאָך איז אלעס שטיל געוואָרען און זי האט שוין מעהר גאָר נישט געהערט.

דער המון האט ארומגענומען ישראל׳ן פון אַלע זייטען. ער האט זיך אנידער־געשטעלט און אומגעקוקט זיך אויף אַלע. ער האט זיך נישט געפרובט צו ־עטען, צו אַנטלויפען, ער האט אפילו ניישט געשריען. דער אויפגעהעצטער המון האט זיך אָבער פאַר איהם נישט געשראָקען, זיי האָבען זיך אַלע אויף איהם געוואָרפען. הונדערטער הענד האָבען איהם אין איינמאָל אנגעהויבען שלאגען. איהם געריסען ביי זיינע לאַנגע, גרויע האָהר. ענדליך האבען זיי איהם אַנידערגעוואָרפען אויף דער ערד.

קיינער האט נישט בעמערקט, אַז אונטער זיי אַלע איז געשטאַנען דאס יטענע שטומע און בלינדע מיידיל, וואס האט פערשטאַנען, אַז איהר פאטער איז דא און מען וויל איהם הרג׳ענען!...

פלוצלינג האט זי זיך אַרויסגעריסען פון די צוויי שקלאַפינענס הענד און גיך ווי א בליץ, האט זי זיך דורכגעשטופט דורך דעם המון און זיך געשטעלט ביי איהר פאטער:

— האט רחמנות! האט רחמנות! — האט זי אַרויסגעשריען אויפהויבענדיג די הענד אין דער הויך.

דער המון האט זיך מיט שרעק אַוועקגערוקט. די שטומע האט גערעדט! קיינער איז שוין נישט דרייסט געוועזען ישראל׳ן אנצוריהרען.

נעמי׳ס פנים האט געברענט און זי האט אויסגעזעהן, ווו א הימלישע ערשיינונג.

ישראל האט זיך אויפגעהויבען פון דער ערד און זעהענדיג, אַז א דאפעלט נס איז איהם געשעהן: זיין לעבען איז געראטעט געווארען און נעמי האט אויפגעהערט שטום צו זיין, איז ער ביי זיך שטאלץ געווארען און האט געוואלט זיינע שונאים זאגען:

— איהר מיינט, אז גאט האט מיך פיינד, זעהט ווי ער האט מיר געהאלפען!
ער האט אבער נישט געקענט רעדען, ווי נעמי'ס פעהלער וואלט צו איהם איבערגעגאנגען.

אין דערזעלבער צייט האט נעמי זיך צו איהם אויסגעדרעהט און געזאגט:

— טאטע!

שטילערהייט האט ער זי אנגענומען ביי דער האנד און געגאנגען מיט איהר אהיים. איהרע אויגען זענען געוועזען אראבגעלאזט, געהענדיג נעבען איהר פאטער האט זי געוויינט; ער אבער האט אויפגעהויבען דעם קאפ, פון וועלכען עס האט גערונען בלוט.

(פארטזעצונג קומט).

* * *

עֶס ווִיל זִיךְ מִיר לָאזֶען
דִי שְׁטָאדְט אוּן דֶעם מַארְק
אוּן אָטְהֶעמֶען פְרַייֶער
אוּן אָטְהֶעמֶען שְׁטַארְק!
אוּן לָאזֶען דִי הַייזֶער
מִיט טוּיֶערֶן אַרוּם
אוּן גֶעהְן, וואוּ סְ'אִיז אָפֶען
אוּן פְרֵיי אוּמֶעטוּם!

אוּן גֶעהְן, וואוּ סְ'אִיז אָפֶען
אוּן לִיכְטִיג אוּן רֵיין
אוּן לָאזֶען דִי הַייזֶער
פוּן צִיגֶעל אוּן שְׁטֵיין!
אוּן לָאזֶען דִי מוּיֶערְן,
וָואס זֶענֶען מִיר עֶנְג,
אוּן גֶעהְן אִין דֶער וַייט
אִין דֶער בְּרַייט, אִין דֶער לֶענְג!

אוּן לָאזֶען דִי שְׁטָאדְט
מִיט אִיהְר שְׁפְּרַאךְ אוּן אִיהְר גַאנְג.
אוּן הֶערֶען אִין וָועלְדֶער
דָאס פֵייגֶעל־גֶעזַאנְג.
אוּן הֶערֶען, ווִי סְ'מוּרְמֶעלְט
מֶעלָאדִיש דֶער קְווַאל,

ווי עס רופט אזוי זאנפטיג
אין לופט יעדער שאל.

און לאזען די חכמה
אין זייסען אין שטאדט,
אך, זאל זי זיך האלטען
מיט דעם, וואס זי האט!
דער אדלער אין וואלקען
ער איז אזוי קלוג,
איך וועל איהם אין וועג דארט
בעגעגנען גענוג!

ער וועט מיר אויסלערנען,
ווי לעבען מען דארף,
דער אדלער איז קלוג
און זיין תורה איז שארף,
זיין תורה איז — פליהען,
וואס העכער אהן שיעור;
שוין לאנג ברענט זיין תורה
אין הארצען ביי מיר.

אברהם רייזען.

# ר׳ יהודה הלוי.

אויב אלע משוררים זענען שטערען, וועלכע בעלייכטען די פינסטערקייט פון אונזער נאַכט און פערזיסען און פערגרינגערען די ביטערקייט פון אונזער לעבען — איז ר׳ יהודה הלוי די זון, וועלכע בעשענקט דורך איהרע שטראהלען יעדען בעשעפעניש מיט לעבען, פערגעניגען און פרישקייט.

אויב אלע משוררים זענען כהנים, וועלכע דינען אין דעם היכל פון פאעזיע,— איז ר׳ יהודה הלוי דער כהן גדול, וועלכער איז פיעל מעהר ווי מיט א קאפ העכער פון אלע זיינע ברידער, די איבריגע משוררים.

איינער א גדול א יודישער, וואס האט געלעבט כמעט אין איין צייט מיט ר׳ יהודה הלוי׳ן, זאגט אויף איהם, אז ער, ר׳ יהודה הלוי, איז געוועזען איינע פון די הייליגע נשמות, וועלכע גאָט האט אראָבגעשיקט פון דעם הימעל אויף דער ערד, זיי זאלען פערגעניגען פערשאפען דער מענשהייט און ארויסשלעפען זי פון דער בלאָטע, אין וועלכער זי זינקט; און פון דעסטוועגען האט זיך ניט צוגעקלעפט אפילו קיין פינטעלע בלאָטע צו זיין נשמה. זי האט זיך אומגעקעהרט אין הימעל אַזוי ריין און שען, ווי זי איז געוועזען, בשעת זי איז אַראָבגעשיקט געוואָרען.

ווי ריכטיג עס זענען די דאָזיגע ווערטער!

ריין און שען, אָהן אַ פלעק פון זינד, איז געוועזען די נשמה זיינע; קלאָר און ריין איז געוועזען דאָס האַרץ זיינס, וועלכעס האט איבערגעפיהלט אַלע שמערצען און יסורים פון זיין פאָלק. שען און ריין איז געוועזען זיין ליעד. וואָס אין איהם האָט זיך געהערט דער קרעכצין פון דער גאַנצער יודישער אומה. זיינע ליעדער קלאָגען תמיד אויף דעם חורבן פ׳ן אונזער לאַנד, אויף דעם חורבן פון אונזער תורה און קולטור. ליינענדיג זיינע ליעדער, וויינען מיר צוזאַמען מיט איהם, ווען ער קלאָגט אויף די חורבות פון די יודישע קברים.

שען און ריין איז געוועזען זיין ליעבע צו זיין גאָט, צו זיין פאָלק און לאַנד; שען ווי די נאַטור אַליין און ריין ווי די ריינקייט פון הימעל אין אַ שענעם זומערדיגען טאָג.

ר׳ יהודה הלוי׳ס פאעזיע וועט זיך שטענדיג רעכענען צווישען אַלע טייערע פעריל פון דער וועלט־פאעזיע. ביי קיין שום פאָלק אין דער וועלט און אין קיין שום ליטעראטור זענען ניט פאַרהאַן אַזעלכע טייערע פעריל אין דער רעליגיאָנס־פאעזיע, וויא אין די ליעדער פון ר׳ יהודה הלוי.

## א.

ר׳ יהודה הלוי איז געבאָרען אין דעם 1080 יאָהר (נאָך דער אייראָפּעאישער רעכנונג, אָדער אין 4840 יאָהר פון בריאת העולם) אין דער שטאָדט טאָלעדאָ, אין דעם קריסטליכען לאַנד קאַסטיליען, וואָס איז געווען אַ טהייל פון שפּאַניען.

די דאָזיגע צייט רעכענט זיך פאַר די גליקליכסטע אין דער יודישער געשיכטע אין גלות. די יודען האָבען דאַמאַלס גליקליך געלעבט אין שפּאַניען. זיי האָבען געהאַט אַלע זכיות גלייך מיט די איבריגע איינוואָהנער פון לאַנד. פיעל יודישע מיניסטאָרען האָבען זיך געפונען אין שפּאַניען, וואָס האָבען געפיהרט במעט די גאַנצע מלוכה; עס זענען געווען צווישען די יודען פיעל חכמים, דאָקטאָרים, פילוסופים און אסטראָנאָמען.

די קריסטליכע מערב־פעלקער זענען געווען אונוויסענד און פאַנאַטיש. און די וויסענשאַפט איז דאַמאלס איינגעשטאַנען נור ביי די יודען און אראבער.

ר׳ יהודה הלוי איז געבאָרען ביי רייכע און גאָר לייטישע עלטערן. ס׳איז דאָ אַ סברא, אַז ער איז אַרויסגעקומען פון ר׳ שמואל הנגיד׳ס משפחה. ערצויגען האָט מען איהם נאָך דעם עכטען יודישען גייסט, אָבער מען האָט איהם אויך געגעבען איין גוטע אַלגעמיינע בילדונג. נאָך גאָר אין די קינדערשע יאָהרען פלעגט דער יודישער גייסט ביי איהם דערוועקען אַ שטאַרקען רצון, אַז די יודען זאָלען אויסגעלייזט ווערען פון גלות, אַ הייסע ליעבשאַפט צו גאָט און צו זיין פאָלק, וועלכע זענען ניט פערלאָשען געוואָרען ביז זיין טויט.

אַביסיל קומט דאָס אויס אפילו חדוש־ליך. מיר ווייסען דאָך, אַז „ניישמן ישיהן ויבעט", אַז דעם יודען ווערט אַביסיל פעטליך, הויבט ער באַלד אָן וואַרפען און דריגען מיט די פיס. הערט מען אויף צו רודפ׳ן דעם יודען, פערגעסט ער גלייך אַן דער גאַנצער יודישקייט און ווערט להלוטין פרעמד צו זיין פאָלק. היינט ווי זשע קומט עס, אז אונזערע עלטערן אין שפּאַניען האָבען ניט פערגעסען אָן גאָט און אָן זייער פאָלק און האָבען ערצוינגען זייערע קינדער, זיי זאָלען זיין הייסע און געטרייע יודען? אַ ביסיל איז דאָס געקומען דערפון, וואָס אייגענטליך נור אין איין טהייל פון שפּאַניען איז געווען גוט די יודען. אין די אַנדערע לענדער אַרום ווי אויך אין די אַנדערע שפּאַנישע מדינות האָט מען זיי געקוילעט און געהרג׳ט אַזוי ווי די שאָף. דעריבער האָבען די יודען, וועלכע האָבען אויך בעסער געלעבט, תמיד געהאַט פאַר זיך אַ שפּיגעל. זיי האָבען פאַר זיך שטענדיג געזעהען די צרות, וואָס זייערע ברידער לידען. דאָס האָט אויף זיי געווירקט, זיי זאָלען ניט אַזוי שטאַרק פערדייסען די קעפּ און זאָלען ניט פערגעסען, אַז זיי זענען יודען און דאַרפען בלייבען יודען.

---

## ב.

נאָך אין די קינדערשע יאָהרען כמעט זעהען מיר, אַז ר׳ יהודה הלוי האָט אָנגעהויבען זיין נע ונד. ער איז אַוועק פון קאַסטיליען נאָך דעם דרום טהייל פון

ספרד, וועלכער האָט געהערט צו די אראבער. ער איז געקומען קיין אליסאנע, דאָרט וואו ס'איז געווען דעם אַלפס ישיבה. און דאָרט האָט ער געלערענט תורה ביי אַלפס ז"ל.

אַ טאַלאַנט צו שרייבען שירים האָט זיך געוויזען ביי ר' יהודה הלוי. ווען ער איז נאָך געווען גאָר יונג. אין דעם 4863 יאָהר, נאָך אונזער רעכנונג, איז אַלפס געשטאָרבען, און יהודה הלוי האָט מחבר געווען אַ שיר אויף זיין טויט. אויך האָט ער מחבר געווען אַ שיר, ווען ר"י אבן מיגאש איז געוואָרען ראש ישיבה אויף דעם אַלפס אָרט. נאָר די דאָזיגע שירים זענען ניט געווען זיינע ערשטע פאעטישע אַרבייטען, נאָך מיט 3 יאָהר פריהער. ווען ר' יהודה איז אַלט געווען ניט מעהר פון 16—17 יאָהר, האָט ער שוין געשריבען שירים.

ר' יהודה הלוי איז געוואָהר געוואָרען פון די צרות, וואָס האָבען בעפאַלען דעם גרויסען משורר ר' משה אבן עזרא, וועלכער איז געווען נע וגד פון איין אָרט אויף דעם אַנדערען. ר' יהודה הלוי האָט איהם געשיקט אַ שיר, אין וועלכען ער טרייסט איהם און רעדט איהם אויס דאָס האַרץ.

ר' משה אבן עזרא, וועלכער איז שוין דאמאלס געווען איין אַלטער מאַן, האָט מקבל געווען דעם שיר מיט גרויס פרייד און האָט איהם געענטפערט אויך מיט אַ שיר, אין וועלכען ער דאַנקט איהם פאַר זיינע טרייסט־רייד און חדוש'ט זיך אויף דעם גרויסען טאלאנט צו שירה, מיט וועלכען ער, ר' יהודה הלוי, איז בעשענקט אין אַזוינע יונגע יאָהרען.

אַ חוץ וואָס ר' יהודה הלוי האָט געלערענט תורה ביי אלפס און נאָכדעם ביי ר"י אבן מיגאש און ער איז געווען אַ גרויסער בקי אין תלמוד, האָט ער אויך געלערענט אַנדערע חכמות: פלוסופיה און חכמת הרפואה, אויך אַראַביש און אַנדערע שפראַכען ביי אַנדערע לעהרערס. נאָר מעהר ווי אַלעס האָט ער ליעב געהאַט לערנען דעם הייליגען תנ"ך אונזערען אין אונזער שפראַך.

---

ג.

פול מיט גרויס בקיאות אין דער תורה און אין אַנדערע חכמות האָט זיך ר' יהודה הלוי אומגעקעהרט צוריק אין זיין געבאָרטס־שטאָדט טאָלעדא אין קאַסטיליען. ער האָט זיך מפרנס געווען פון דאָקטאָריי. זיין פרנסה האָט ער געהאַט בשפע, אַז ער האָט געקענט לעבען זעהר רייך. ער האָט געהאַט אַ נאָמען פאַר אַ זעלטענעם דאָקטאָר, און פון אַלע זייטען האָט מען זיך געווענדט צו איהם.

די פרנסה האָט ביי איהם צוגענומען זעהר פיעל צייט. פון דעסטוועגען איז ער נאָך עוסק געווען אין חכמת ישראל און אין אַנדערע וויסענשאַפטען. ווען ער האָט נאָר געהאַט אַ ביסיל פרייע צייט האָט ער געלערנט און געשריבען און איבערגעשריבען זיך מיט אַלע זיינע חברים און גרויסע מענשען פון זיין צייט.

ווי לאַנג ער האָט געוואָהנט אין טאָלעדאָ, ווייסען מיר ניט אויף ריכטיג. אין אַ צייט אַרום האָט ער ווידער אַ מאָל אַוועקגעוואָרפען די שטאָדט טאָלעדאָ.

שטענדיג פלעגט ער זיך קלאָגען פאַר זיינע חברים אין די בריעף, וואָס ער פלעגט צו זיי שרייבען, אז ער איז שטאַרק ניט צופריעדען מיט זיין וואָהנען אין טאָלעדא, ווארום די בעסטע צייט זיינע נעמט ביי איהם צו די פרנסה, און א הויך דעם איז זיין אָרט דאַמאָלס ניט געווען קיין מקום פון תורה, וויסענשאַפט און געלערענטע מענשען. איבער איינינע צייט אָרום זעהען מיר שוין, אז ר׳ יהודה הלוי נעמט ווידער א מאָל דעם וואַנדערשטעקען אין דער האַנד און ציהט איבער קיין קאָרדאָווא וואו עס איז דאַמאָלס געווען דער מיטעלפונקט פון תורה און חכמה. ער זאָל זיך קענען געפינען אין דער חברה פון געלערענטע מענשען: משוררים, פלוסופים, גוטע פריינד און חברים.

ווי מיר האָבען פריהער געזאָגט, האָט ער גאָר יונג אָנגעהויבען שרייבען שירים. ער איז געווען דער אמת׳ר משורר. ער האָט געקוקט אויף די געטליכע מתנה פון פאָעזיע א סך ריינער און הויכער פון אַלע אנדערע משוררים, די יודישע און אַראַבישע, אין זיין צייט. ער האָט געקוקט אויף די היילינע מתנה ווי אויף א היילינע און טייערע זאַך, וואָס גאָט בעשענקט מיט איהר נור עטליכע אויסגעקליבענע מענשען, די וואָס זענען מיוחסים ביי גאָט.

— דער גייסט פון דעם משורר, — זאָגט ר׳ יהודה הלוי, — דער טאַלאַנט צו שרייבען שירים, די רייכע פאַנטאַזיע ווערען געגעבען, גלייך פון גאָט אַליין צו דעם משורר, תיכף ווי ער ווייזט זיך אויף גאָט׳ס וועלט. פון גאָט׳ס גייסט ווערט אָבגעשהיילט אויף דעם משורר׳ס גייסט. די שירה איז ניט קיין מלאכה, וועלכע מען קען זיך אויסלערנען, צו וועלכער מען קען קומען מיט גרויס מיה און מיט א סך לערנען.

ר׳ יהודה הלוי לאַכט פיעל פון די משוררים, וואָס שרייבען שירים און האָבען ניט קיין שום טאַלאַנט צו שירה פון געבוירען. זיי מיטשען זיך און קוועטשען אויס עטליכע שורות, וועלכע קלינגען אַזוי זיס ווי פעפער, ווארום ס׳איז אין זיי ניט דאָ קיין שום געדאנק און קיין שום פאָעזיע.

דער אמת׳ר משורר — לויט ר׳ יהודה הלוי׳ס מיינונג נאָך — ווערט בעשאַפען מיט דער שירה און מיט אַלע איהרע געזעצען און דינים.

און ער, ר׳ יהודה הלוי, איז געווען איינער פון די געליעבטע, איינער פון די אויסגעקליבענע מענשען, איינער פון די גליקליכע מיוחסים, וואָס תיכף ווי זיי ווערען געבוירען, ווערט געבוירען מיט זיי דאס צויבער פיעדעלי פון וועלכען עס גיסען זיך די געטליכע זיסע ליעדער.

ר׳ יהודה הלוי אין איינעם פון זיינע שירים צו איין גדול א יודישען, אויך א משורר, זאָגט, אז ער, דער גדול, צו וועלכען ער האָט געשריבען, איז דער „משיח השיר״. אויב די פראַזע איז אַ ביסיל אַ גוזמא בנוגע צו יענעם משורר, איז זי אין גאַנצען אמת, ווען מיר וועלען זי אָנווענדען אויף ר׳ יהודה הלוי׳ן. ער איז געווען דער „מלך המשוררים״, דער קעניג פון אַלע פאָעטען.

---

ד.

ר' יהודה הלוי'ס שירים, וועלכע ער האט געשריבען אין די ערשטע יאהרען, זענען ניט געווען געהייליגט צו גאט און צו זיין פאלק. ער האט דאמאלס בעזונגען די נאטור, דאס לעבען, זיינע חברים. נאר אויך אין זיינע ערשטע שירים זעהען מיר א רייכע פאנטאזיע, הויכע געדאנקען, א ווארימע, זיסע שפראך, א גלייכע אויסגעמאס־טענע שורה, פונקען פייער, ברענענדיגע און הייסע ווי די שטראהלען פון דער דרום־דיגער זון, מיט וועלכער די שירה זיינע איז דורכגעשטראהלט געווארען, א וועלט מיט חן, ס'איז ניטא קיין איבריג ווארט. די שירים, אין וועלכע ר' יהודה הלוי מאלט בילדער פון דער נאטור, קענען פערגליכען ווערען מיט די גרעסטע און בעסטע שירים פון די גאונים משוררים פון אלע פעלקער אין אלע צייטען. איך דערמאן דא די צוויי שירים זיינע, וועלכע ער האט געזונגען אויף דעם ים.

נאר אין זיינע ערשטע שירים זעהען מיר נאך ניט די אבשפיגלונג פון זיין געטליכען פנים מיט דעם גאנצען חן און הויכקייט; נאך ניט אין זיי זעהען מיר די ליכטיגע און לויטערע הויכע און הייליגע נשמה זיינע.

דאס אלעס זעהען מיר נור ווען ער ווייזט זיך פאר אונז ווי א משורר, וואס בעזינגט זיין פאלק. אין יענע שירים זעהען מיר איהם מיט דעם גאנצען כח פון שירה און שענקייט.

ער האט געבלאזעט דער יודישער משורר. ער האט געזוכט די סטרונעס, אויף וועלכע ער האט בעדארפט שפיעלען, ביז ער האט זיי געפונען. ער האט זיי געפונען און האט אנגעהויבען שפיעלען אויף זיי, אויף די סטרונעס פון דער יודישער הארפע.

און ווי רייך, ווי שען האט זיך געגאסען דעם משורר'ס פאעזיע, ווען ער האט געזונגען פון גאט און פון זיין ליעבשאפט צו די יודען!...

ווי טרויעריג, ווי קלאגענדיג, ווי רייסענדיג דאס הארץ און נשמה איז דאס ליעד זיינס, ווען ער קוקט זיך ארום אויף די לאגע פון די יודען, ווי אזוי זיי זענען דערשלאגען און דערנידריגט און דאס הייליגע לאנד אונזערס איז איבערגעגעבען אין פרעמדע הענד!...

ווען ער בעזינגט די אמאליגע גרויסקייט פון דעם יודישען פאלק, קלינגען אין זיינע ליעדער די קיינמאל־ניט־פערגעסענדיגע מזמורים פון דוד המלך'ן, ווען ער גיסט אויס דאס הארץ פאר גאט און לויבט איהם און רעכענט אויס די אלע חסדים, וואס ער האט געטהון צו זיין פאלק ישראל.

און דאמאלס, ווען ר' יהודה הלוי קלאגט אויף די יודישע צרות, זעהען מיר פאר זיך דעם גרויסען פאלק'ס קלאגער ירמיהו הנביא, ווען ער שטעהט מיט א צו־בראכען הארץ און טענה'ט מיט גאט, וויינט און קלאגט אויף דעם חורבן בית המקדש, אויף דאס לאנד, וואס ס'איז צוגענומען געווארען ביי אונז און אויף די יודען, וואס זענען ארויסגעטריבען געווארען פון דארט...

אדער ס'ווייזט זיך אונז אויס, אז איינער פון די בני קרח, וועלכע רייסען איין ווענטען, יאמערן און קלאגען אויף דער חרפה און צרות וואס ס'ליידט דאס לאנד און די יודישע אומה.

מיר וועלען נאָך אַביסיל רעדען שפּעטער פון ר׳ יהודה הלוי אַלס פּאָלקס־משורר. דערווייל וועלען מיר זיך אַביסיל אָװעקנעהמען און מיר וועלען רעדען וועגען דעם ספר ה„כוזרי״, וועלכער געהערט צו די וויכטיגסטע יודישע ספרים, וואָס זענען געשריבען געוואָרען אין גלות.

איך וויים ניט נאָך אַזאַ ספר, וואו דער יודישער גייסט זאָל אַזוי בולט זיין פון יעדען בלעטיל, פון יעדער שורה, וואו די געדאַנקען זאָלען זיין אַזוי ריין יודיש, ווי דער ספר „הכוזרי״.

אַזוי ווי אין די שירים זיינע הערט זיך דער יודישער קרעכץ, אַזוי שפּיגעלט זיך אָב אין דעם דאָזיגען היילינגען ספר די ריינע יודישע מחשבה.

ווי מיר האָבען נאָך פריהער געזאָגט, האָבען פיעל יודישע חכמים זיך פערנומען מיט פילוסופיה. נאָר דאָס זענען געווען פרעמדע געדאַנקען, פרעמדע פילוסופיעס. אָבער ר׳ יהודה הלוי׳ס געדאַנקען זענען געוואָרען אין גאַנצען יודיש. אפילו די געדאַנקען, וואָס ר׳ יהודה הלוי האָט איבערגענומען פון אַנדערע זענען בּיי איהם אין גאַנצען איבערגעאַרבעט געוואָרען. אַזוי אַז זיי זענען געוואָרען ריין יודיש.

אין די אַלע געדאַנקען, וואָס ר׳ יהודה הלוי לעגט פאָר אין ספר „הכוזרי״, זעהען מיר אַ ריין האַרץ, אַ היילינגע נשמה, פיעל ליעבשאַפט צו יעדען, וואָס איז בעשאַפען געוואָרען מיט דעם „צלם אלהים״ און נאָך מעהר ליעבשאַפט צום יודישען פאָלק און צו אַלע זיינע היילינגקייטען. אויך פיעל סבלנות זעהען מיר דאָרט צו אַלע אמונות.

(ענדע קומט)

ש. צ. זעצער.

# דער כח פון א רעגענס־טראפען.

5.

ניט נור היילען בויערען אויס די טייכען, נאר זיי בויערען אויס אין די בערג גאנצע טהאלען. אמת, לאנג, זעהר לאנג האט די ארבייט געדויערט, ניט איין טויזענד יאהר האט זיך די עבודה געצויגען, נאר פון דעסטוועגען האט דאס וואסער געטהון זיין זאך גאנץ געטריי; אין פריהלינג, בעת דער שניי צוגעהט, און פון די זייטען בארג לויפען מיט רעש וואסערליך, ברעכען זיי און ברעקלען די שטיינער. אין אייניגע ערטער, גראבען אויס די וואסערפאלען ברייטע טהאלען; צום ביישפיעל דער וואסערפאל ניאגאר, האט אויסגעגראבען א טיעפען טהאל פון 115 וויארסט די לענג און 45 קלאפטער די טיעף. אזעלכע וואסערפאלען ווי ניאגאר זענען ניט פיעל דא אויף דער וועלט; נאר אויך יענע וואסערפאלען, וואס זענען פיעל קלענער, גראבען אויך די ערד אהן א'נ'אויפהער און טהוען זייער ארבייט נאך זייערע כחות.

אין דעם רעכטען גרויסען וואסערפאל ניאגאר, פאלט דאס וואסער פון 22 קלאפטער די הויך. עס פאלט א גאנצער טייך, די ברייט מעהר פון א וויארסט, עס פאלט דאס וואסער ווי א וואנט. דער שום, דער רעש מיט דעם גוואלדיגען קאך הערט מען פאר א מרחק פון צעהענדליגער וויארסט. פון די שפריצען, וואס פליהען אין דער הויך, שטעהט איבער'ן וואסערפאל א גאנצער וואלקען. אז עס איז זונענשיין, שפיגלען זיך דארט אב שענע רעגענבויגענס.

דאס וואסער וואס פאלט מיט אזא גבורה פון אזא הויך ברעכט ביי זיינע ברעגען א שטיינדיל נאך א שטיינדיל. פון אזא ארבייט געהט דער וואסערפאל אלין צוריק, העכער מיט דעם טייך. עס איז געווען א צייט, וואס ער איז מיט 5 וויארסט געווען נידריגער, דארטען זענען נאך עד היום צו זעהן די געבליבענע סימנים פון אלטען וואסערפאל. נאך דעם חשבון האט ביים ניאגאר געדויערט זיין ארבייט אויסגראבען דעם טהאל אויף פינף וויארסט, 17 מיט א האלב טויזענד יאהר!

די טייכען טראגען אין ים ניט נור וואסער, נאר אויך ערד. אין דעם טייך־וואסער איז דא איין אויסמישונג פון אלין, פון ליים, זאמד, שטיינדליך, א. ד. ג. אז מען זאל צוזאמענקלויבען די גאנצע בלאטע, וואס א טייך ברענגט אין ים אין פערלויף פון א יאהר, ווי גרויס וואלט די בלאטע געווען? ניט טויזענדער, נאר מיליאנען

פידען ערד ברענגט אין ים אריין די וואלגע, דער דניעפר מיט אנדערע טייכען; אט פון דער דאזיגער ערד ווערען אפט גאנצע אינזלען. ביי די ברעגען טייכען זענען אזעלכע אינזלען ניט קיין זעלטענהייט. פון יאהר צו יאהר ווערען זיי גרעסער, פשוט זיי וואקסען. ביי די ברעגען פון די טייכען הדקל און פרת, וואס לויפען אין דעם אלטען ארם נהרים, איז אזא אנגעטראגענע אינזעל, אין 60 יאהר צייט פערגרעסערט געווארען כמעט אויף 3 וויארסט. און פאר א משך פון צוויי מיט א האלבען טויזענד יאהר — אויף 60 וויארסט.

דער זאמד, וואס איז ביים ברעג פון טייך נעווא, וואקסט אויך פון יאהר צו יאהר; אין 1717-טען יאהר האבען אינזשענערן אראבגענומען א מאס פון די לענג און ברייט פון די אינזלען פעטערבורג, וואסיליעוו, יעלאגין און נאך אנדערע, אויף וועלכע עס איז צוזאמען נעווען גאנץ פעטערבורג, אין 60 יאהר ארום האט מען זיי ווידער געמאסטען, דערנאך אין 1864 יאהר האט מען צום 2-טען מאל געמאסטען; אז מע האט אויסגעגליכען אלע דריי פלאנען, האט דער חשבון דערוויזען, אז אין 146 יאהר זענען די דאזיגע אינזלען אויסגעוואקסען כמעט אויף א מיליאן מיט א האלבען קוואדראט קלאפטער, דאס הייסט א גלייכער חשבון, אז יעהרליך זענען זיי צוגעוואקסען און גרעסער געווארען מיט מעהר פון 23 טויזענד קוואדראט קלאפטער; אויב דער טייך נעווא וועט אויך ווייטער אזוי ארבייטען און טראגען צום ברעג בלאטע מיט זאמד, וועט פאר א משך פון 3 טויזענד מיט 3 הונדערט יאהר שפעטער ווערען דער גאנצער וועג פון פעטערבורג ביז קראנשטאדט דורכאויס יבשה, בעת איצט פאהרט מען 25 וויארט מיט'ן שיף.

דערפון זעהען מיר דייטליך, אז די טייכען ניט נור זיי שפייזען דעם ים מיט זייער וואסער, נאר זיי ראנגלען זיך מיט די ים'ען, זיי פערשיטען און פערטראגען די ים'ען מיט שטיינדליך, מיט זאמד און מיט ערד. אמת, ניט יעדער טייך ווערט פארטיג מיט זיין ים; נאר עס זענען אבער דא אזעלכע טייכען, וואס זענען מנצח דעם ים, און וואס א יאהר אלץ מעהר און מעהר קריכען זיי אריין מיט זייערע זאמד-ברעגען טיעף אין ים. הגם די ארבייט פון אזעלכע טייכען איז מיט דעם ערשטען קוק ניט קענטיג און ניט אנגעזעהן, פון דעסטוועגען זענען איהרע רעזולטאטען זעהר גרויס. אין פערשיעדענע צייטען פון יאהר ארבייטען די טייכען אויף פערשיעדענע ארטען. א מאל שלאפט דער טייך אונטער די אייז-קאלדרע; א מאל רוישט ער און ברעכט דעם אייז, חאפט זיך ארויס איבער די ברעגען, און צוגיסט זיך א גרויסען מרחק ארום און ארום. נאר פריהלינג-צייט, אז דער טייך צוגיסט זיך, איז דאס א נאטור זאך, דאס איז זיין צייט. א סך מאל האפט זיך דער טייך אריבער איבער זיין גבול ניט אין זיין צייט, נאר דורך גרויסע רעגענס אדער גרויסע ווינדען, וואס האלטען איהם אב פון זיין שטענדיגען לויפען, אין גאנץ אלטע ביכער זענען בעשריבען פון די אלטע צייטען די גרויסע חורבנות, וואס די טייכען פלעגען מאכען אריבערהאפענדיג זיך פון זייערע ברעגען, אין איטאליען גאהענט ביי טיוואל לויפט דער טייך אניא, וואס ריהמט זיך מיט זיינע שרעקליכע פערפלייצונגען; נאך אין די אלטע צייטען איז דער טייך א סך מאל מיט שטורעם ארויסגעגאנגען פון די ברעגען, הרב געמאכט וועלדער, צובראכען

שטיינער און הייזער. אָבטהועענדיג די אַלע עסקים, איז דער טייך רוהיג געווען אַ צייט יאָהרען ממש ווי געשטאָרבען. עס זענען דורכגעגאַנגען אַ 4—5 הונדערט יאָהר. מענשען האָבען שוין פֿערגעסען דאָס שלעכטס, וואָס ער האָט זיי געטהון, און ער איז ווידער אַרויס פֿון די ברעגען. אַ שרעקליך גרויסער געוויסער איז געווען דעם 15טען נאָוועמבער 1826 יאָהר נאָך אַ משך צייט פֿון גרויסע רעגענס. דער דאָזיגער געוויסער האָט געמאַכט אַ גרויסען הורבן דורך איין אַנדער צופֿאַל. פֿון איין זייט טייך איז געמאַכט געווען דאָס, וואָס האָט אָבגעהאַלטען דאָס וואַסער; נאָר דאָס וואַסער האָט געשטיגען העכער, ביז עס האָט זיך אויפֿגעהויבען אַזוי הויך, אַז עס האָט צעריסען דעם דאַם, און דאָס וואַסער האָט זיך געגעבען אַ לאָז מיט גרויס כח. אויפֿ'ן וועג האָט דאָס וואַסער בעגעגענט אַ גרויסען שטיינערנעם באַרג; עס האָט איהם באַלד אונטערגעשווענקט און צובראָכען פֿאַר אַ פּאָר שעה צייט. אויפֿ'ן פֿעלזען איז געווען אויסגעבויט אַ קירכע און נעבען ביי איהר זענען געשטאַנען 36 הייזער. די קירכע מיט אַלע הייזער זענען אַריין אין וואַסער. דער טייך האָט ליידיג געמאַכט דעם ברעג אויף אַ סך ווערסט. דאָ האָט אויך ניט געפֿעהלט קיין מענשען־קרבנות.

איינינע יאָהר צוריק איז געווען אַ גרויסער געוויסער אין אונגאַרן אין דער שטאָדט טשעגעדין ביי וועלכען עס זענען אומגעקומען אַ סך מענשען. אין דרום אמעריקא איז דאָ אַ גרויסער טייך מיט דעם נאָמען אמאַזאָנקא. בשעת דער טייך צוגיסט זיך, ווערט פֿון איהם אַ גאַנצער ים. אין איינינע ערטער פֿערנעמט ער פֿון איין ברעג צום 2־טען ביז 2 הונדערט וויאָרסט. די דאָרטינע איינוואָהנער וואַרפֿען אַוועק אויף יענע צייט זייערע שטיבליך און קלויבען זיך איבער אויף די פּלאָטען. איינינע היות, וואָס האָבען אַ פֿאַרנעפֿיהל אַנטלויפֿען נאָך פֿריהער, אַנדערע זענען זיך מציל אויף די בוימער. ביים 8־טען יולי הויבט אָן דאָס וואַסער אָבפֿאַלען, דער טייך קעהרט זיך אום אין זיינע אַלטע גרענצען, און שווענקט איבער אַ נייעס דעם שוואַכען ברעג, און דער ברעג לאָזט זיך ניט בעטען לאַנג און פֿאַלט אַריין אין טייך מיט אַלע בוימער, וואָס זענען אויף איהם געפֿלאַנצט געווען, מיט אַלע ברואים, וואָס זענען אויף זיי געווען. אָט אַזעלכע געוויסערן זענען יאָהר יעהרליך און ניט איינע פֿון אַזעלכע פֿערפֿלייצונגען בעגעהט זיך אָהן מענשליכע לעבענס.

עס טרעפֿען זיך אונערוואַרטעטע געוויסערן, בעת גרויסע ווינטען האַלטען אָב די טייכען פֿון זייער שטענדיגען פֿליסען. ווען די ווינטען זענען אנטקעגען דעם וועג פֿון דעם וואַסער, טרייבען זיי דעם טייך אַרויס פֿון זיינע ברעגען. אַזעלכע געוויסערן זענען געווען אין פּעטערבורג פֿיעל מאָל. אין 1720־טען יאָהר איז געווען אַזאַ געוויסער, אַז פֿערד האָבען זיך געטרונקען אין די שטאַלען, מע האָט זיי איבערגעפֿיהרט מיט גרויס מיהע אויפֿ'ן 2־טען עטאַזש. אויפֿ'ן גאַס, — דערצעהלט איינער וואָס האָט מיט זיינע אויגען געזעהן די פֿערפֿלייצונג — האָט דאָס וואַסער געקאָכט ווי אין אַ קעסיל, און האָט געדרעהט מיט גרויס גיכקייט פֿערשיעדענע כלים מיט אַ סך געהילץ. אין די גאַסען איז מען געפֿאָהרען מיט שיפֿליך. מיט 50 יאָהר שפּעטער איז ווידער געווען אַ פֿערפֿלייצונג, און נאָך אַ גרעסערע; דאָס וואַסער האָט זיך אויפֿגעהויבען אַזוי הויך, אַז אויפֿ'ן נעווסקי'ן פּראָספּעקט איז מען געפֿאָהרען אויף לאָדקעס. דער־

געוויסער האט געטראפען ביי נאכט, און דעריבער זענען פיעל מענשען און בהמות אומגעקומען. אויף דעם סמאלענסקער בית עולם האט דאס וואסער צוריסען א קירכע, אבגעשוועמט די קברים. די קלייטען אויף אנדרייעווסקין מארק (אויף וואסיליעווער אינזעל), זענען הרוב געווארען צוזאמען מיט די סחורות. אין קאלאמנע האט דאס וואסער אוועקגעטראגען מעהר פון הונדערט הייזער. ארום פעטערבורג, איז די גאנצע סביבה געווען פערגאסען אויף עלף ווערסט. אז דאס וואסער איז געלאפען, האבען זיך אין די גאסען געוואלגערט פגרים פון פיה און קערפער פון מענשען. די דאזיגע פערפלייצונג איז געווען אין 1777 יאהר. עס זענען אריבער 47 יאהר, האט דעם 7-טען נאוועמבער פון 1824 יאהר געטראפען א נייע פערפלייצונג.

פון דעם דאזיגען געוויסער רעדען און דערצעהלען אלטע לייט נאך ביז איצט. א מענש, וואס האט אלעס מיט זיינע אייגען צוגעזעהען, דערצעהלט: „ביינאכט פון 7-טען נאוועמבער איז געווען א מוראדיגער גרויסער שטורם. דער ווינד האט געריסען די דעכער מיט די לאדען פון די פענסטער, די גראבענס זענען פול געווען מיט וואסער, און האבען שטארק געברעש'ט, דער ווינד, וואס האט געבלאזען פון ים, איז געווען אנטקעגען דעם טייך ניווא, דאס וואסער האט געשפארט צוריק, אלע וואסער-גראבענס זענען פול געווארען, און פון זיי האט זיך געגאסען וואסער אין די גאסען. אין איין אויגענבליק האט א גאנץ געגעבען דאס וואסער פון טייך, און פון אלע קאנאלען, און די גאסען זענען פול געווארען, עס איז שווער זיך פארצושטעלען דעם שרעק מיט די מבולבל'קייט פון די איינוואהנער. אלע קעלערן מיט אלע אונטערשטע דירות זענען פול געווארען מיט וואסער. יעדער האט געראטעוועט, וואס ער האט געקאנט; יענע וועלכע האבען צופיעל רחמנות געהאט אויף זייער אייגענס, וואס געהט פערלארען, און האבען פערהיטען זייערע סחורות מיט זייערע חפצים, זענען אומגעקומען אין די קעלערן. איינס א זייגער האלבען טאג, איז די גאנצע שטאדט געווען פערגאסען מיט וואסער אין א מענשען-הויך. אין נידריגערע ערטער מעהר פון אנדערהאלבען קלאפטער. אין די גאסען זענען געשוואומען גרויסע העלצער, בוימער, מעבעל. זעהר פיעל אונגליקען האט געטראפען אויף וואסילעווער אינזעל און אויף פעטערבורגער-זייט, אלע הייזער זענען געווען פערדארבען, אייניגע אבגעוואשען ביז דעם גרונד, אלע צוימען צובראכען. די גאסען זענען געווען בעלעגערט מיט בוימער, מיט האלץ און מיט שטיבליך, וואס דאס וואסער האט פערשלעפט; אלע שווימענדיגע בריקען חוץ 2 זענען געווען אלע צובראכען, די גראניט בריק האט זיך געוויגט. א סך שטיינער זענען פון זייער ארט ארויסגעריסען געווארען. 7 א זייגער אוונדס צייט איז מען שוין מיט עקיפאזשען געפאהרען אין די גאסען, ביי נאכט זענען די גאסען אבגעליידיגט געווארען פון וואסער, דער ערגסטער חלק איז אנגעקומען די ארימע מענשען, ניט נור זייער ביסיל ארימקייט איז אומגעקומען, נאר זיי אליין אויך. אין איין אייזענפאבריק האבען זיך די ארבייטער געראטעוועט אויף די דעכער, און פון דארטען האבען זיי געקענט זעהן, ווי זייערע ברידער, וואס זענען געבליבען אין זייערע שטיבליך, טרינקען זיך. פאהרען אויף לאדקעס זיי ראטעווען איז אויך אונמעגליך געווען איבער דעם גרויסען שטורם. מעהר פון טויזענד מענשען האבען זייער לעבען פערלארען, נאר די

געשטאַרבענע האָבען אויך קיין מנוחה ניט געהאַט. אַ סך קברים זענען ציזווייקט געוואָרען, די טרומנעס זענען אַרויף געשוואומען, און האָבען זיך אַרומגעדרעהט אין די גאַסען. אויף מאָרגען האָט פּעטערבורג אויסגעזעהן מיט זעהר אַ טרויעריגען פּנים; דער חורבן פֿון די הייזער, פֿון די בריקען. אַלעס איז געווען צובראָכען צושטערט. הונדערט מיט זעכציג באַרקעס און לאָדקעס זענען געבליבען שטעהן אין די גאַסען. היזיקות זענען געווען גרויסע. אויף דער בירזשע איז צוווייקט געוואָרען 900 טויזענד פּוד מעהל, 300 טויזענד פּוד זאַמדצוקער, אַזוי פֿיעל זאַלץ, אויף וואַסילעווער אינזעל איז דערטרונקען געוואָרען אַ גאַנצער הורט אָקסען פֿון 3600 קעפּ. פֿון יענער צייט איז געווען אין פּעטערבורג נאָך פֿערפֿלייצונגען, נאָר אַזאַ גרויסער און שרעקליכע־ געוויסער איז שוין מעהר ניט געזען.

אָט אַזוי אַרבייט דאָס טייך־וואַסער, עס בעשאַפֿט און פֿערניכטעט, עס בייט איבער און איז משנה דעם פּנים פֿון דער ערד, עס טהוט מענשען גוטס און שלעכטס.

---

6.

דאָס וואַסער אין ים אַרבייט אויך, און טהוט דיזעלביגע מעשים. וואָס דאָס טייך־וואַסער, נאָר מיט דעם אונטערשיעד, אַז דער ים האָט מעהר כח הרב צו מאַכען די ערד, און וועניגער כח אויפֿצובויען. דער ים מאַכט חרב די גרעסטע שטיינערנע בערג, ער וואַשט אָב און ווישט אָב פֿון דער וועלט גאַנצע אינזלען, אָט אַזוי האָבען די ים אינדען פֿערלענדעט און אומגעבראַכט פֿון דער וועלט די אינזעל העלגאָלאַנד. אויפֿ'ן דייטשען ים, מיט טויזענד יאָהר צוריק איז העלגאָלאַנד געווען אַ גרויסע אינזעל, טויזענדער מענשען האָבען אויף איהר געלעבט. אויף איהרע קליינע און גרויסע בערג האָבען די אַמאָליגע רוימער אויסגעבויט ווייערע פֿעסטונגען, די ברעגען פֿון העלגאָלאַנד זענען שטיינדיג, און די שטיינער זענען פֿון קאַלך, וואָס דאָס וואַסער קען זיי מיט וועניג טרחה ווייקען, ברעקלען און פֿערניכטען. אַ שטיקעלע נאָך אַ שטיקעלע האָבען די אינדען די אינזעל געבראָכען, געריסען, און סוף כל סוף האָבען זיי חרוב געמאַכט די גאַנצע אינזעל. פֿאַר אַ משך פֿון 5 הונדערט יאָהר צייט, איז די אינזעל געבליבען פֿיער מאָל קליינער ווי זי איז געווען. נאָך אין 5 הונדערט יאָהר אַרום, איז פֿון דער אינזעל העלגאלאנד געבליבען ניט מעהר ווי 2 פֿעלזען, און די וועלען אויך גיך ניט זיין.

נאָר דער כח פֿון דעם ים בעגרענצט זיך ניט דערמיט, וואָס ער קען חרוב מאַכען קאַלך־שטיינער, נאָר אַ סך שטאַרקערע שטיינער איז ער מחריב און מאַכט פֿון זיי תל. דערצו דאַרף ער נאָך מעהר צייט. אויף איינער פֿון די אינזלען, וואָס ליגען אין מערב פֿון שאָטלאַנד איז פֿאַרהאַן אַ גרויסע הייל מיט דעם נאָמען פֿינגאַל. די דאָזיגע הייל אין דעם אייזען־שטאַרקען פֿעלזען־שטיין האָט דעם ים אויסגעגראָבען. פֿון אויסען איז די אינזעל גאַנץ איינפֿאַך, נאָר צו איהר פֿאָהרען מענשען פֿון אַלע

עקען וועלט — וואס איז איהר יחוס? מען פֿאָהרט זעהן און זיין אין פֿינגאַלער הייל, אין דער לייננ איז זי אַ קלאַפֿטער 35, איהר הויך איז פֿון 10 ביז 17 קלאַפֿטער, די הייל האָט אַ געוועלב און ביי די ווענד — זיילען, עס ווייזט אויס, אַז דאָס איז מיט מענשליכע הענד אויסגעאַרבייט געוואָרען און ניט דורך די אַרבייט פֿון ים. דער גרונט פֿון דער הייל איז תמיד פֿערגאָסען מיט וואַסער, נור ביי אַ שטילען וועטער איז דאָס אַריינגעהן אַהין ניט סכנות'דיג, וואָרום אַז נור עטוואָס אַ ווינד אַרבייט דאָס וואַסער און רוישט אַזוי שטאַרק, אַז אָט ווערט צובראָכען די לאָדקע. אויף וועלכער מען פֿאָהרט, דער רעש פֿון דעם וואַסער אין הייל איז דאָ מיט אַזאַ כח, אַז עס הערט זיך פֿון גאַנץ ווייט, ווי אונטער דער ערד איז אַ גרויסע מלחמה, מע שיסט מיט אַ סך און פֿון גרויסע האַרמאַטען.

דער גרונט פֿון ים ביים ברעג איז בעלעגט און פֿערשפּרייט מיט שטיינער און מיט זאַמד, דאָס ים־וואַסער גיט זיי קיין מנוחה ניט אַפֿילו אויפֿ'ן גרונט ים, ווייל ניט אין די טיעפֿע ערטער איז די אויפֿריהרונג פֿון וואַסער ביז דעם רעכטען גרונט, און די אינדען קייקלען די שטיינער און טראָגען די זאַמד. אַמאָל צום ברעג, אַמאָל פֿון ברעג. די אינדען וואַשען אָב און שווענקען אָב די זאַמד פֿון די שטיינער.

---

אין דעם דאָזיגען מאמר האָבען מיר דערצעהלט רערפֿין, ווי דאָס וואַסער פֿערענדערט זיך אויף דער ערד; ווי עס ווערט פֿון איהם פּאַרע, וועלכע הויבט זיך אויף צום הימעל; ווי דאָרטען ווערט פֿון דער פּארע אַ וואָלקען, און פֿון וואָלקען פֿאַלט דאָס וואַסער ווידער אַראָב אויף דער ערד אין דער געשטאַלט פֿון שניי אָדער רעגען.

מיר האָבען דערצעהלט, וואָס אויף דער ערד טהוט דער שניי, איז און רעגען, און וואָס עס טהוט דאס וואַסער אונטער דער ערד און אויף דער ערד, אין טייכען און ים'ען.

אומעטום אַרבעט דאָס וואַסער; עס אַרבעט מיט די קליינע רעגענס־טראָפּען, מיט די רוישענדע טייכען און טייכליך, און מיט די גרויסע אינדען פֿון ים.

די אַרבייט פֿון וואַסער איז ניט אומעטום גלייך; אין איין אָרט מאַכט עס חרב, אין אַ ־טען אָרט בויט עס. די צוריסענע, צובראָכענע, צוברעקעלטע שטיינער פֿון איין אָרט טראָגט עס אַוועק אין איין אַנדער אָרט. עס פֿוילט זיך ניט און טראָגט זיי אַוועק אויף הונדערטער און אויף טויזענדער, און אויף צעהענדליגער טויזענד וויארסט. עס גלייכט אויס די ברעג, און שיט אָן ברעג, גרויסע טהאָלען און גריבער פֿערשיט עס מיט זאַמד, און שווינקט אויס און מאַכט שפּאָגעל נייע.

דאַכט זיך. ווי שטאַרק, ווי פֿעסט שטעהט דער אייבינער פֿעלזען־שטיין, נאָר וואָס מאַכט פֿון איהם דער וואַסער־טראָפּען? יאָ די דאָזיגע טראָפּען זענען אַ סך,

און יעדער איינער בעזונדער, און אלע צוזאמען רוהען ניט א רגע, און טהוען זייער ארבייט, שטיל און זאבט, ניט געיאגט ניט געאיילט, ביז צום סוף. און ווען די אלע איינציגע טראפען לענען זיך צוזאמען אינאיינעם, ווען די אלע איינציגע טראפען ניסען זיך צוזאמען, און טהוען זייער ארבייט מיט השק, מיט פלייס, מיט אחדות, — וועלכער בארג, וועלכער הארטער שטיין, וועלכע שטארקע זאך אויף דער וועלט, קאן זיך שטעלען געגען זייער גרויסען כח און גבורה?

ג. ה. לעווענער.

# די קרעבסקראַנקהייט.

קרעבס אָדער ראַק איז איינע פֿון די נעפֿעהרליכסטע און שווערסטע קראַנקהייטען. צו היילען די קראַנקהייט איז אונמעגליך. ביז איצט איז די מעדיצין נאָך גאַנץ אָהנמעכטיג נעגען איהר. דאָס איינציגע מיטעל, מיט וועלכען מען קען ראַטעווען אמאָל דעם מענשען פֿון טויט דורך די קרעבסקראַנקהייט איז נור אַ אָפּעראַציע, אבער אויך די אָפּעראַציע ברייננט הילף נור אין אָנהויב קראַנקהייט, ווען דער קרעבס האָט זיך נאָך ניט שטאַרק אויסגעברייט איבער׳ן קערפּער, אָדער ווען דער קרעבס איז אויף אַזאַ איבר, וועלכעס קען אין גאַנצען אויסגעשניטען ווערען. דאָס אומגליק איז נור דאָס מען בעמערקט אָנהויב פֿון קרעבס זעהר זעלטען; ווען מיר בעמערקען די קראַנקהייט, האַלט זי שוין געוועהנליך ווייט, און די סכנה איז שוין זעהר גרויס.

דער קרעבס פֿיהרט צום טויט דורך דעם, וואָס ער צושטערט אַ וועלכען עס איז וויכטיגען איבר, אָדער דורך דעם, וואָס ער צעהרט אָב דעם קערפּער, אָדער דורך דעם, וואָס ער ברייננט ארויס אין גוף פֿון מענשען שטאַרקע ניפֿטען. דאָס געשווילעכץ פֿון קרעבס קען מען גרינג אַראָבנעהמען מיט אַ מעסער, נאָר עס וואַקסט באַלד אויס ווידער אַ נייע געשווילעכץ. דער פּראָפֿעסאָר בילראָט איז דער ערשטער געוועזען, וועלכער האָט אָנגעהויבען אַרויסצושניידען דעם קרעבס אויך פֿון די אינעווענינסטע טהיילען פֿון קערפּער. עס געראָט אָבער זעהר זעלטען אַרויסצושניידען דעם קרעבס נאָר אין גאַנצען. דאָס רוב בלייבען נאָך איבער אין קערפּער רעשטען פֿון דעם קרעבס, וועלכע מען קען ניט בעמערקען, אָדער דער קרעבס פֿערהאַפּט אַזוי פֿיעל איברים און אַזוי פֿיעל פּלאַץ אין קערפּער, אַז דער כירורג מוז זיך אָבשטעלען מיט זיין מעסער. דער קרעבס וואַקסט אין מענשליכען קערפּער זעהר גיך און ברייטעט זיך אויס אַלץ מעהר, ביז ער ברייננט דעם מענשען אַ ניבען און אַ שווערען טויט.

דער קרעבס קען אויסוואַקסען אויף יעדען איבר פֿון מענשליכען קערפּער. אויף קרעבס ווערען קראַנק אי מענער, אי פֿרויען: פֿרויען ליידען פֿון איהם אין אַ גרעסערען פּראָצענט ווי מענער. דאָס רוב אָבער קריינקען אויף קרעבס עלטערע מענשען.

פֿון וואַנען עס קומט די קראַנקהייט ווייס מען נאָך עד היום ניט. קוקענדיג אויף דאָס קרעבס-געשווילעכץ דורך אַ גרויס פֿערגרעסערגלאָז, זעהט מען, אַז ער בעשטעהט פֿון קליינע קעמערליך, וועלכע וואַקסען אַריין אין דעם מענשליכען פֿלייש. די קעמערליך פֿערגרעסערן און פֿערמעהרען זיך זעהר שטאַרק, זיי פֿערבייטען מיט זיך די געוועהנליכע

קעמערליך, פון וועלכע עס איז אויפגעבויט דאס מענשליכע פלייש, און דורך דאס בלוט און אנדערע פליסינקייטען פון קערפער ווערען זיי פערטראגען אין פערשידענע ערטער. דער קרעבס וואקסט און וואקסט, ביז וואנען ער געפינט נאר מאטעריאל פאר זיך אין קערפער, דערנאך הויבט ער אן נעשוואלען צו ווערען און צו פוילען.

פאר וואס אבער און ווי אזוי עס וואקסען ארויס אזוינע קעמערליך אין קערפער, — אויף די פראגע קען מען נאך דערווייל קיין קלארע תשובה ניט געבען. די לעצטע צייט ווערט אלץ עפטער אויסגעדריקט די מיינונג, אז דער קרעבס קומט פון בעזונדערע קליינע בעשעפענישען (מיקראבען), וועלכע מען קען נים זעהן ניט נור מיט אונזער אויג, נאר אויך מיט די ביז איצטיגע פערגרעסערגלאזען. מען האט געפרופט איבערטראגען די קרעבס־קראנקהייט פון מענשען אויף חיות, כדי דערמיט צו בעווייזען, אז דער קרעבס קומט אזוי ווי אלע אנדערע אנשטעקענדע קראנקהייטען, נור פון מיקראבען. אזא השערה וואלט אבער געווען דערוויזען, ווען מען וואלט געפינען פאר די קרעבס־געשווילעכצען בעזונדערע מיקראבען, און ווען מען וואלט געקענט די מיקראבען בעזונדער האדעווען און דורך זיי אויף אנדערע אריבערטראגען די קראנקהייט. שוין פיעל מאל האט מען אויסגעקלונגען אין דער וועלט, אז אזוינע קרעבס־מיקראבען זענען געפונען געווארען, אבער די שטרענגערע פארשונגען האבען אויסגעוויזען, אז די פרייד פון די ערפינדער איז נאך געווען צו פריה. אלענפאלס ווערט איצט אלץ זיכערער די השערה, אז דער קרעבס האט זיינע בעזונדערע מיקראבען, און אז ער איז דערום איין קראנקהייט, וועלכע מען קען זיך אננעהמען. אויף דעם לעצטען מעדיצינישען קאנגרעס אין וויסבאדען האט פראפעסארליידען דערצעהלט, אז ער האט געפונען דעם מיקראב פון קרעבס. פראפעסאר ליידען מיינט, אז דאס וואקסען פון קו עבס קען נור ערקלערט ווערען דורך די ארבייט פון א לעבעדיגען בעשעפעניש. די פערברייטונג פון א קרעבסקראנקהייט, מיינט ער, איז גלייך צו אלע אנדערע קראנקהייטען, פון וועלכע מיר וויסען, אז זיי קומען ארויס פון מיקראבען: ביים קרעבס איז דיזעלבע פערענדערונג אין דעם בלוט און דיזעלבע שטענדיגע אבצעהרונג פון קערפער. פראפעסאר ליידען ברייננט אויך ראיות, ווי דער קרעבס איז אריבערגעטראגען געווארען פון איין חיה אויף איין אנדערע. עס איז זעהר מעגליך, זאגט ליידען, אז אויך מענשען קענען זיך אננעהמען אזא קראנקהייט, אבער דערווייל איז עס נאך ניט בעוויזען געווארען. ער דערמאנט נור, וואס עס האט געטראפען מיט א יונגען דאקטאר, וועלכער האט אמאל דורך א טעות אויסגעטרונקען די זאפט פון א קרעבס־געשווילעכץ. דער דאקטאר איז איבער צוויי יאהר ארום — קראנק געווארען אויף א מאגען־קרעבס. ביי קרעבסקראנקע האט פראפ. ליידען געפונען בעזונדערע מיקראבען, וועלכע ער האלט פאר די סבה פון קרעבס. זיי ליגען אונטער א הייטיל מאסענווייז צוזאמען, זיי פערמעהרען זיך זעהר גיך און וואקסען אויס אין א גרויסע בלאז. די בלאז צופלאצט און עס ענטשטעהען נייע מיקראבען מיט נייע בלאזען.

ווען ליידענס ענטדעקונג וועט זיך נור בעשטעטינען, וועט זי זיין זעהר וויכטיג, ווייל ווען מען וועט נור וויסען די סבה פון דער קראנקהייט, וועט מען קענען האפען אויף די מעגליכקייט זי צו היילען.

די וויכטיגקייט צו ערפאָרשען די קרעבס־קראַנקהייט ווערט אַלץ גרעסער, ווייל די קרעבסקראנקהייט ווערט וואָס ווייטער אַלץ עפטער און עפטער, אין יאָהר 1892 זענען איינגעקומען אין דייטשלאַנד אויף יעדע 100 שטאַרבענדע 2 קרעבסקראַנקע, אין יאָהר 1898 זענען שוין אומגעקומען אַזוינע 3 קראַנקע. אבער אַנדערש גערעכענט זענען אויס־געקומען אין יאָהר 1892 אויף 100 טויזענד לעבענדע 60 געשטאָרבענע פון קרעבסקראַנק־הייטען, אין יאָהר 1898 זענען שוין אויסגעקומען 71. אין משך פון זיבען יאָהר האָט זיך די קרעבסקראַנקהייט פערמעהרט אויף 18 פראָצענט.

דיזעלבע פערמעהרונג פון קרעבסקראַנקהייטען האָט מען ארויסגעפונען אויך אין אַנדערע לענדער. אין ענגלאַנד זענען פון יעדע מיליאָן לעבענדע פון די יאָהרען 1861 ביז 1870 געשטאָרבען 384 מענשען פון קרעבס, אין די אַנדערע 10 יאָהר שוין 468, אין די ווייטערדיגע 10 יאָהר 589, און אין די לעצטע 10 יאָהר 829. אין האָלאַנד זענען גע־שטאָרבען פון קרעבס אין 1874־סטען יאָהר פון 100 טויזענד איינוואָהנער 49 מענשען, אין אין 1897־סטען יאָהר — 91. אין דער שווייץ זענען אויסגעקומען אין 1889־סטען יאָהר 114 געשטאָרבענע פון קרעבס אויף יעדע 100 טויזענד איינוואָהנער, אין יאָהר 1898—132. אין שטאָדט ניו־יאָרק זענען אין 1888־סטען יאָהר געשטאָרבען אויף קרעבס 2473 מענשען און אין יאָהר 1893—4117.

די ציפערן ווייזען, אַז די קרעבסקראַנקהייט פערמעהרט זיך אַלץ מעהר און מעהר, און אַז וואָס ווייטער, הויבט זי אָן צו בעפאַלען אַלץ יונגערע מענשען.

ביי אַזאַ נעפאַהר פון דער דאָזיגער קראַנקהייט און ביי איהר גיכער פערמעהרונג, הויבט אָן די קרעבס־קראַנקהייט אַלץ מעהר צו אינטערעסירען די געלעהרטע. מיט דער ערפאָרשונג פון דער קראַנקהייט פערנעהמען זיך איצט זעהר פיעל טיכטיגע דאָקטוירים און פראָפעסאָרען. עס זענען אויך געגרינדעט געוואָרען בעזונדערע וויסענשאַפטליכע קאָ־מיטעטען, וועלכע קלויבען מאַטעריאַל אויף צו ערפאָרשען די קראַנקהייט. עס איז וויכטיג צו דערגעהן די סבה פון דער קראַנקהייט, עס איז וויכטיג צו וויסען, אויב די קראַנק־הייט קען איבערגעטראַגען ווערען פון איין מענש אויף דעם אַנדערען, אויב זי געהט איבער בירושה פון עלטערן צו קינדער א. ז. וו. די פערמעהרונג פון דער קראַנקהייט מאַכט זי אויך וויכטיג פאַר אַלעמען, און עס געפינען זיך אויך איצט פיעל פריוואַט מענשען וואָס גיבען גרויסע נדבות אויף וויסענשאַפטליכע חקירות איבער דעם קרעבס.

ווען מען וועט נאָר מעהר וויסען איבער די דאָזיגע קראַנקהייט און איבער די סבה, פון וואַנען זי קומט, וועט מען קענען האָפען, אַז מען וועט געפינען אויך דעם וועג, ווי מיט דער קראַנקהייט מלחמה צו האַלטען.

ד״ר N.

# ראשחודש.

עס איז לייכט צו זאָגען: לך־לך! לאָז דיך אין צייטינגען נעדטיל אַריין, וואַרף איבער די בלעטער און זוך אויס פאַר דער יודישער פאַמיליע עטליכע פריי־שע ראש־חודש־רעטעכליך!

לך־לך — נו, אדרבא, נעה אין אַוינע היצען! אז הענד און פיס הויבען נישט אָ צו פאָלנען און פון מח דאמפט ווי פון א קאַלכאויוען!

און, ווען איך טהו עס שוין, וועט פון די פריש־שטייפע ראש־חדש־רעטעכליך, מיט די חנו'דינ־עלאסטישע עקעליך און לייטזעליג־רויטע מיידלישע פנימליך — איידער זיי וועלען זעהען קראקוי און קומען צו אייך אין דער האנד אריין — ווערען וואָס? א נאַר־נישט! „טעלציג" און איינגעשרומפען וועלען זיי זיין, ווי בתולות נאָך שלשים!

איך וועל בעסער אַראָבגעהן, חאפען א טראַמוואַי, צושלעפען זיך צו דער פריי־וויסלאָנסקער באַהן און מאָכען, גאַנץ יודישליך — פליטה קיין אָטוואָצק!

וועל איך, אין אייער מזל, הערען, אין טראַמוואַי צי אויף דער באַהן, עפּיס נייעס, אביסיל פאָליטיק — מהיכא־תיתא! וועט זיין א פעלעטאָן; אז ניט — וועט איהר אייך בעגעהן! איהר בענעהט אייך אָהן וויכטיגערע זאַכען! אפילו אָהן ברויט!

אַ כוף! קיין „ראש־חדש" מיט „שטאָהלערנע ווערטער און קופערנע פיסקליך", מיט זאַלץ, פעפער און — גאַל, וועט היינט נישט זיין, אין אַזויגע היצען האָט אַ מענש, אפילו א שרייבער, קיין נאַל נישט!

און איך האָפּ מיין נאָטיץ־בוך און א בליישטיפט, און שטעה שוין אין שטויבינען נעפּיל אויף דער טווארדא־גאַס...

און פון רעכטס, אין שטויבינגען נעפיל, שלעפט זיך דער נעלער ווי אַ טשערא־פאַכע — איך שפרינג אַריין!

און עס זיצט שוין, ברוך־השם, א חברה יודיליך... און ר' לייבעלע — אַ גערער חסיד מיט איין אָמת'ער פריוועסאָווקע אייפ'ן שפיץ קאָפּ, דער גרויסער חסידישער מאַ־כער ביי דער ווארשויער קהל'שער קלפי — פיהרט דאָס רעדיל.

מען רעדט פון די ערשט געענדיגטע פראנצויזישע „וויבאָרען" און אויף וויבאָרען איז ר' לייבעל א שטארקער מבין! אויף „וויבארען" האָט ער די ציינער אויפגעגעסען!

פֿון אונטער דער פּריוועסאָווקע רינען, אויפֿ׳ן דאַרען, בעוועגליכען פּנים ארויף, דיקע טראָפּען שוויס, איינער, אַ גרויסער טראָפּען, האָט זיך, ווי פֿערגאַפּט, אָבגעשטעלט אויף דער שפּיץ־נאָז, און אפשר — דערשראָקען פֿאַר׳ן שווארצען אָבגרונד אונטער דער נאָז; ר׳ לייבעל האַלט פֿון אלטע מנהגים און שמעקט נאָך טאַבאק!

דאָס שאַרף־שפּיצינע בערדיל האַפּט ער וואָס אמאָל אין מויל אריין, די שאַרף־שפּיצ׳גע איינעליך לויפֿען פֿון איין פּאַסאזשיער צום צווייטען. פֿערהאַלטען זיך אַ רגע אויף די לויזע קנעפּ פֿון די אָפֿענע חאַלאַטען — נור מיר קוקט ער אַ ווײַלע גלייך אין פּנים אריין; ער וויל מיך דורכבויערן און דערקענען, צי בין איך איין אמת׳ר צי נור אַ נאָכגעמאַכטער „נוי״... אין אַ ווײַלע ארום פֿערגעסט ער אָן מיר, און דערצעהלט ווייטער דעם עולם מיט אֶמת־חסידישער התלהבות פֿון דער מַפָּלָה, וואָס די נאַציאָנאַלאַנטיסעמיטישע פּאַרטיי מיט די נִלְחָים צוזאַמען, האָבען אין פֿראַנקרייך געהאַט! אין נייעם פּאַרלאַמענט זיצען כמעט סאַמע ראַדיקאַלען...

— וואָס הייסט עס?

— ווי ביי אונז, לְהַבְדִּיל, די דייטשען, די אפּקורסים, וואָס ווילען אַלץ עִיקר מִן הַשּׁוֹרֶש זיין, אלץ איבערמאַכען—פֿון שפּיטאַל ביז תלמוד־תורה!

— און וואָס איז ווייטער די שמחה?

— אַ מצוה אויף די נאַציאָנאַליסטען, מיט די נלחים צוזאַמען! האָבען זיי ניישט געוואָלט אָנהויבען מיט „אחינוּ בני ישראל״!

— בֵּן יֹאבדוּ—בעשטעהט דער עולם — מן הסתם האָט ראָטשילד מיט „יְקא״ און „כל ישראל חברים״ אויך נישט געשוויגען...

— אפשר... ראָטשילד האָט זיך אַוודאי געלעגט אין דער לענג און דער ברייט... איין עהרליכער יוד ראָטשילד... דאַווענט יעדען טאָג וָתִיקִין! נאָר דער עיקר איז די גבורה, וואָס וואַלדעק—רוסאָ האָט בעוויזען!

— ווער איז דער?

— אַ שפּאָס! דער ערשטער מיניסטער אין פֿראַנקרייך!

— און וואָס האָט ער אַזוינס געטהון?

— אַ קלייניגקייט! עס דאַרף זיין די ערשטע אסיפה אין פּאַרלאַמענט. מען וועט אויסקלויבען אַ פּרעזעס אויף די גאַנצע סעסיע, אויף גאַנצע דריי יאָהר הייסט עס; עס וועט ווייטער זיין אינטריגען, די שוואַרצע־חברה וועט, מן הסתם, פּריווען דורכפֿיהרען איהרס אַ מענש... דאַכט זיך—איין ערשטער מיניסטער דאַרף זיין דערביי?! וואָס? געהט זיך מיין בחור, נעמט זיך די פּלונית׳טע אונטער די אָרים, און פֿאָהרט זיך נאָר אַ־ר־ום שפּאַציערען אויף דער סעקוואַנע!

— וואָס איז אַזוינס סעקוואַנע?

— די פּאַריזער „ווייסעל״ הייסט „סעקוואַנע״; ס׳איז דאָך פֿראַנצויזיש; אַזוי זיבער איז ער געוועזען!

דאָס איינענע האָט געטהון דער פּרעזידענט אַליין, ליובע, דער. וואָס איז ערשט נישט לאַנג געוועזען אין פּעטערבורג — אויף אַ זומער־וואָהנונג צום „מאַמאַלע״ איז ער זיך געפֿאָהרען!

און אהן זיי האט אויך דער פארלאמענט אויסגעקליבען א יושב־ראש נאר א גרויסען פון זייער צד, — עפּיס איין אויסטערלישען נאמען האט ער, נאר נאר א פייער־דינער ראדיקאל!

און אונזער ר׳ לייבעל, דער חסידישער מאכער ביי דער ווארשויער־קהל׳שער קלפּי, וואס שפּרינגט אויס דער הויט ארויס, אז מען גיט׳ אב א קוויטיל פאר א קליין שטיקיל דייטש, וואס ציטערט אימת־מות מען זאל נישט איינפיהרען אין תלמוד־תורה א ביסיל דקדוק, וואס זיין בעסטער חלום איז, א זאוואנד־גמינע, מיט שטריימליך, על כל פּנים—פּריוועסאוווקים, עס זאל קיין זכר פון די דייטשען נישט בלייבען, — דער איינענער ר׳ לייבעל פרעהט זיך מיט די גרויסע אפּיקורסישע ראדיקאלען אין פּאריז!

— און פון וואנען ווייסט איהר דאס אלץ, ר׳ לייבעלע? — פרעגט דער עולם — פון „הצפירה" צי פון „המליץ"? אפשר נאר פון „יוד".

— פוי! שפּייט ר׳ לייבעלע אויס — קיין טרפה־פּסול אין האנד אריין נעמט ער נישט! ער האט זיך זיין „קוריער־ווארשאווסקי"!

אויפ׳ן הייליגען „גרזשיבאוו" — דאס איי, פון וועלכען די יודיש־ווארשויער קוואקע איז ארויס—האט זיך נעמאכט א צופאל! עס איז אונז פארביי געפאהרען אין דער ברייט א וואגען מעהל. אויף דער טראמוואי־שינע האט דער וואגען אביסיל אונטערנעטאנצט, עטליכע זעק מעהל זענען אראבגעפאלען און סטאפּ! דער טראמוואי שטעהט; ווי גע־בילדעט א טראמוואי־פערד איז נישט. האט עס דאך אין מיטען גאס, אין שענעם העלען טאג, אראבגעלאזט דעם קלונען קאפּ און מיט א לאנגער רויטער צונג געלעקט די ווייסע זעק,—מאטעריאליסטישע צייטען!

תוך כדי דבור האט אונז ארומגערינגעלט איין עולם פון קוקער — יודען, ווייבער און קינדער, און איך האב מיך קוים דורכגעשניטען און דעריאגט, די באהן נישט צו פער־שפּעטיגען, דעם ווייס־בלאהעם טראמוואי...

אין מח ארבייט זיך ביי מיר אויס אזא מין „סענטענציע" (א מוסר־ווארט): דער טראמוואי איז א דעמאקראטישע אינסטיטוציע — ווער עס צאהלט א צעהנעריל, דער פאהרט! קיין אויסנאהם פאר יודען, אפילו קיין בעזונדערער אבצאהל—פּריצים, פּויערן און יודען, להבדיל, זענען גלייך! דערפאר נעהט זיך יעדער טראמוואי זיין וועג, אויף זיינע רעסלען, און איין בעל־עגלה טאר דעם צווייטען נישט העלפען! אפילו די פערד קענען זיך נישט! ווי טרעפען זיך און „וויהערן" נישט, און שאקלען זיך אפילו נישט צו מיט די קעפּ!

מיעד פון אויסקלערען, מאך איך די אויגען צו און הער, ווי צוויי (אפילו גוט בע־קאנטע) ליטעראטיר־פאבריקאנטען, אייגענטליך־טאנדעטער, רעדען נענוג שטיל אפילו—דאס פּערלאנגט דאס געשעפט אין די בעסערע געזעלשאפט אינם „ווייס־בלאהעם", וואס געהט דורך מארשאלקאווסקא—איך פון פראנקרייך.

— דעם עיקר נצחון האבען געהאט אונזערע לייט — די דרייפוסארען; די וואס האבען פאר דרייפוסען מלחמה געהאלטען מיט׳ן גענעראל־שטאב! אצונד, וועט זיך עס אנהויבען אויפס ניי! די גרעסטע דרייפוסארען זענען אויסגעקליבען געווארען אין נייעס

פארלאמענט אריין, און הימעל און ערד וועלען זיי אויפריהרען, מען זאל נאך אמאל דורכזעהען דאס משפט״!

— ״מען האט דאך נעגעבען אמנעסטיע, ביידע צדדים געשענקט״! —

— זאלא קוקט נישט אויף אמנעסטיע! ער וויל, דער אמת זאל ארויס ווי בוימעל אויפ׳ן וואסער! דער פסק אין רען, זאגט ער, איז קיין פסק נישט, נאר א גיי פערברעכען געווען! עס קומט זיי לכל־הפחות—סיביר!

און עס האט זיך שוין אנגעהויבען. דערווייל האבען זיי—די דרייפוסארען אין פאריז, באלד נאך די וויבארען, א גרויסע סעודה געמאכט, אפשר פאר הונדערט גרויסע לייט! מען האט געגעסען, געטרונקען און רעדען געהאלטען... מען לאזט זיך הערען!

— זאלא איז געווען?

— אוודאי! פייער און פלאם האט ער געשיט! ער פייפט אויף דער אמנעסטיע, אויפ׳ן פסק פון רען...

— מוז מען טאקי אראבנעמען פון בוידעם די רעשט העפטען פון דרייפוס־ראמאן...

— אוודאי, און גוט אבשטויבען!

— געוויס! מען וועט זיי נאך פערצוקערן!

— הלואי! אפשר צושרייבען א פינפציג העפטען?

— למה רק? ווארט, זאל עס טהון א דייטש; מיר וועלען קומען צום גרייטען!

---

ביי דער פראנציסקאנער־נאס זענען די טאנדעטער אבגעשטינען, און אריינגעקוועלט האט זיך א ״שלאנאן״ מיט א בייכיל ווי א פעסיל, וואנסען ווי די בעזים, רויטע בעק ווי די בארקים און פעט־פערלאפענע איינעליך, א פריש עקזעמפלאר פון דארף, אונטערגעשטופט האט איהם א בלייכער דארער סטודענט מיט רויטע, ברוינע־בלאה ארומגעצווימטע אויגען!

זיי זעצען זיך, אונטערן ״אלטען״ האט די באנק א שטערבליכען קרעכץ געטהון.

— פשא־קאשך—ציעליענצע־נוזשקי! — מאכט דער אלטער און סאפעט—עס איז נאך אזא מעשה אין דער קרים־טליבער וועלט נישט געהערט געווארען.

— בא! געניצט אב דער סטודענט.

— אלע, סינקו, אוווזשיי! בא...

ער קען נישט פערדייען דעם יודישען קריגסמיניסטער אין איטאליען: ״זשיד אי מיניסטער וואיני״!

עס איז ווירקליך נישט געהערט געווארען, איך זעה ערשט, יוי געזינדינט איך האב, דערמאנענדיג דעם פאקט אין פארינען ״ראש־חדש״ כלאחר יד, און אהן א שום פירוש, גאנץ אייראפא, ביז׳ן לעצטען אויסגעפאשעטען שלאנאן, נאפט!

און עס איז קיין וואונדער נישט!

מען איז אבסיל נעוואהנט געווארען צו בעריהמטע יודישע מענער, נאר אויף אנדערע פעלדער!

עהרען־בירגער פאר צערקווים־בויען! האנדעלס־אבער־און אונטערנעהמער! — אונזער געשעפט, האנדעל — האנדעל!

עס זענען בעריהמט יודישער מוזיקער — נאר א פשוט׳ע זאך:

מיר האבען אזוי לאנג „מה־יפית״ געזונגען; אזוי פיעל יאהרען די פריצישע הויפען מיט יודישע כלי־זמר פערזארגט! עס איז שוין אין בלוט אריין, עס קומט שוין בירושה! עס איז פארהאן אפילו א פויליש־אמעריקאניש־קאטוילישער יודיל, וואס שפיעלט אויף איין פארטעפיאן, אין נאנצען מיט צוויי הענד, דריי שטיק מיט אמאל! ער פלעגט זיי דורך ווי, להבדיל, איין הבדלה!

בעקאנט זענען אויך יודישע אקטיארען, און דאס איז שוין אוודאי על פי דרך הטבע, אין דער לאנגער גלות־נאכט האבען מיר אזוי פיעל פרעמדע ראלען געשפיעלט; עס איז אויך אריין אין די ביינער!

לעצטענס האבען זיך בעוויזען יודישע פאליטיקער... נאר פאליטיק האט דאך אווראי שייכות מיט׳ן שאבער־מאכער פאר׳ן איזוערנעם טויער, צו אויף דער וואלאוועד נאס!

עס הערט זיך נאך פון יודישע געלעהרטע: יוריסטען, דאקטוירים, אינזשעניערען, אפילו פראפעסארען — וואס איז דאס וואונדער? יודישע מוחות! האנדעל־קעפ אויפ׳ן „תלמוד״ געשליפען! און דאס טרינקט נישט, הוליעט נישט, דועלירט זיך נישט, נור זיצט און לערנט...

אבער קרינסמיניסטער! נמרוד׳ס מלאכה, עשו׳ס מאנאפאל, ארישע גבורה!

און דער אלטער טרייסט זיך און טרייסט דעם זוהן:

— זעהסט — זאגט ער — אויף אזא מדרנה קומט מען, אז מען לעבט נישט בשלום מיט׳ן קלויסטער! זייט איטאליען איז ווידערשפענסדיג געווארען דעם פויפסט, האלטען זיך עהרליכע קריסטען פון וויטען, ווילען זיי זיך נישט אריינמישען! און באמת, צי קען א פרומער קריסט ווערען יענעראל, אז מען קען איהם היסען שיעסען אויפ׳ן וואטיקאן! דיענען טאקי סאמע נישטען!... און „אז מען דארף דעם יודען, רייסט מען איהם אב פון דער תליה״ — ביי אונז האט מען אויך אזוי געטהון... מען האט נעדארפט סוחרים, האט מען דאס „טאלאליסטווא״ אריינגעלאזט! אמת?

— אמת, — געניצט דער סטודענט...

איך וויים אפילו עפ׳ס צו דערצעהלען פון יודישע, אלטע און נייע גבורים, נאר איך וויל בעסער שווייגען, ערשטענס — די היץ טהוט אן מעשים. צווייטענס — א שלאגאן קען ענפערן מיט דער יד, דער בהיר איז ערשט פון דארף, נעוואהנט צו פויערים! דריטענס — וואלט איך מיהל געווען צעהן קרינס־מיניסטארען פאר א שטיקיל ערד פאר רומעניש־יודישע עמיגראנטען!

---

עס וועט זיין א פלאק!

אין די באהן־וואגאנען טראגט מען שוין ארום פרישע קוריער׳ס.

דעפעשען מיט גרויסע אותיות: שלום! די בויערען האבען זיך אונטערגעבען!

דער עולם איז אויפגעשפרונגען, יודען און קריסטען.

— פאַסען וואָלט געלאָזט שניידען אייראָפּאַ פון איהר הויט! די גאַנצע צייט פון מלחמה האָט זי אויף די בויערנ׳ס פינסטער מזל נזרעדהרען נעגאָסען, קראָקאָדיל־טרעהרען, און מיט׳ן מינסטען פינגער פון פוס אין שטיוויל נישט געריהרט! און אזא העלדען פאָלק זאָל אויסגעלאָשען ווערען! אַזאַ פריי טראַנסוואַל זאָל פערפליצט ווערען מיט די ענגלישע בוחרים־שווינדלער! דאָס פיינע האָלענדיש וועט פערגעסען ווערען און אין גאַנץ אַפריקאַ וועט זיך „גאָרגלען" דאָס „פאַסקודנע" ענגליש און די שוטים פרייען זיך נאָך, וואָס מען וועט זיי צוריק אויפבויבען די פערמען! די ענגלישע קאָך גלעט און דראָפּעט דערביי די נשמה אוים!

אַנדערע זאָגען:

— אוים ענגלאַנד! אַצונד האָט זיך ערשט בעוויזען, אַז די ענגלישע אַרמעע איז ווערט אַ שום פּילווער!

— און זעהט דאָך! אַ פאָלק אָהן האָנער! אַז מען נעמט איין אַ מדינה, נעמט מען קאָנטריבוציע, פערשיקט מען די מורדים במלכות וואו דער פעפער וואַקסט, און דער ענגלישער „האַנדעל־האַנדעל" צאָהלט נאָך צו, גיט באַלד אַמנעסטיע; אַלץ מוחל — נור די גאָלדגרובען אַהער!

און איך קלער:

אַפריקאַ וועט זיין ענגליש, דאָס הייסט פריי, שטאַרק און רייך! אַ פּלאַץ וועט זיין נישט נור פאַר רומענישע יודען, אפשר אפילו פאַר מיינע בלאָסע שכנים, וואָס שטעהען שוין איבערגעדרעהט צום פענסטער און שאָקלען זיך מנחה...

פּלאַץ וועט זיין, נאָר אויף הוצאות וואו נעמט מען?...

איך פערטראַכט מיך: וואָס קען יק"א טהון? וואָס קען טהון „דנדיב־הידוע" מיט׳ן פאַריזער און וויענער אליאַנס צוזאַמען?

און איך דרימיל, און קלער אַזוי כמעט ביז אונטער אָטוואָצק.

איך קוק מיך אום, איך בין געבליבען אַליין מיט עטליכע יודעליך, יענע לייט זע־נען אראָב אין וואַווער, פאַלעניצא, שווידער... מיינע שכנים נעהמען אַ ביסיל בראָנפען: לחיים, לחיים! און איינער זאָגט מיט אמת־יודישען הומאָר:

— „וויים איך, וואָס איך זאָל מיר ווינשען?"

„זאָל איך מיר ווינשען דאָס געלד, וואָס די פראַנצויזישע גלחים האָבען אומזיסט אויסגעגעבען אויף די פראַנצויזישע וויבאָרען, צי דאָס געלד, וואָס איז נאָך ביי די שוואַרצע לייט געבליבען?

„זאָל איך מיר ווינשען דאָס ביסיל פונט שטערלינג, וואָס קיטשענער וועט בעקומען פאַר׳ן שלום, וויפיעל ענגלאַנד וועט בעצאָהלען פאַר די פערברענטע פערמען, צי אפשר נאָר־וויפיעל די גאַנצע מלחמה האָט געקאָסט?"

„און אפשר — גוט ער צו ביטערליך — וואָלט מען יוצא געוועזען מיט דעם געלד, וואָס אונזערע רומענישע עמיגראַנטען פעהלט אויף הוצאה פון ניהנום אַרויס?"

„דערווייל, ברודער, בין איך אַ קבצן — האָב איך אַליין נישט אויף הוצאה! לחיים!"

זעהט איהר, נאָך איידער איך בין אַראָבגעשטיגען פון וואַגאָן, האָב איך אַ גאַנצען ראש־חדש.

איך קען אייך נור צוגעבען: אַז אין רוסלאַנד האָט מען ערלויבט יודען זאָלע אריינגעבען די קינדער אין די עפּארכיאַל־שוהלען, און יעדער קוראַטאָר זאָל אָבמאַכען וויפיעל פּראָצעוט, און — וואָס נאָך וויכטיגער איז, — אונטער דער השגחה פון פינאַנץ מיניסטער וועלען ביי אַלערליי פאָבריקען געעפענט ווערען מעכאַנישע שוהלען, וואו אַלע וועלען אויפגענומען ווערען אָהן אונטערשיעד פון קלאסע און גלויבען.

דערפאַר זאָגט מען, וועט מען דאָס יאָהר אין מאסקווער אוניווערזיטעט קיין איינ־ציגען יודען נישט אַריינלאָזען!

---

זייט געזונד! זאָל אייך דער אייבערשטער אין די הייסע טעג שיקען אַ קיהלונג פאַר'ן גוף און פאַר די נשמה, ווי עס ווינשט אייך אייער בעסטער פריינד

י. ל. צופּעללינ.

# יודישע וויטצען.

## צונויפגעקליבען און בעארבייט

דורך ר י ש.

---

### 1) צוואנציג יאהר לעבען.

אין א שטעדטיל איז דער רב געווען מסוכן קראנק און געהאלטען ביים שטארבען. דער שטאדט־דאקטאר האט איהם שוין לאנג אבגעזאגט דאס לעבען. נאר אזוי ווי אלע שטאדט־לייט האבען דעם רב זעהר ליעב געהאט, איז געבליבען ביים עולם צו בענוצען די אלטע סגולה: יעדער זאל שיינקען דעם חולה א חלק פון אייגענע יאהרען. און אזוי האט מען געטהון: איינער האט געשיינקט א פאר שעה, דער אנדערער א גאנצען טאג. לויפט אריין, א יונגער־מאנטשיק א שניידעריל און שרייעט אויס אויף א קול: רבי־לעבען, איך שיינק אייך צוואנציג יאהר לעבען!

דער גאנצער עולם איז געווארען שטארק איבערראשט. איינער פון דער זייט זאגט איהם שטילערהייט: משוגע'נער יונג, ווי אזוי נעהמט עס א מענש און גיט אוועק מיט אמאל 20 יאהר לעבען?

— חכם איינער, ניט מיינע יאהרען — ענטפערט דער שניידער גאנ'ץ געלאסען — זי מיין איך, מיין ווייב די צרה. פון איהרע יאהרען שיינק איך עס אוועק מיט'ן גאנצען הארצען.

*

### 2) הבדלה מאכען.

ביי איינעם איז דאס ווייב אוועקגעפאהרען פון דער היים אויף אכט טעג. אז זי איז געקומען צו פאהרען צוריק, נעהמט דער מאן פארנאכט מאכען הבדלה.

— וואס איז דאס פלוצים פאר א הבדלה אין מיטען מיטוואך? — פרעגט דאס ווייב פערוואונדערט.

— פערשטעהסטו מיך, מיין ווייב — ענטפערט ער — ביי מיר איז געווען אין דער צייט אכט טעג כסדר יום־טוב, און איצט איז אויס. נו, און מוצאי יום טוב קומט מאכען הבדלה...

*

## 3) דער שדוך געפעלט מיר נישט.

א אָרימאַן איז געקומען צו פאָהרען צו זיינעם א רייכען קָרוב, יענער זאָל איהם מיט עפּיס בעהילפיג זיין, ווייל די עלטערע טאָכטער זיינע, א דערוואַקסענע בתולה, איז למזל א כלה געוואָרען און די טעג דאַרפען זיין אין א גוטער שעה די תנאים. דער אָרימער קָרוב רעכענט אויס פאַר'ן רייכען א גאַנץ צעטיל, וואָס איזא עסק פאָדערט היינטיגע צייטען הוצאות. דער נגיד הערט אָלצדינג אויס, דערנאָך גיט ער א פרעג דעם קָרוב:

— זאָגט מיר, איך בעט אייך, מיט וועמען טהוט איהר עם דעם שדוך?

דער אָרימער קָרוב דערצעהלט איהם אז מיט דעם און דעם.

— אויב אַזוי — מאַכט דער נגיד — מוז איך אייך זאָגען אז דער שדוך הויבט מיר נישט אָן צו געפעלען.

— ס'טייטש, וואָס רעדט איהר ? די גאַנצע וועלט, וועמען איהר וועט פרעגען, וועט אייך זאָגען, אז איך מאַך איין גליק.

— וואָס טויג אייך וואָס די וועלט זאָגט ? הערט בעסער וואָס איך זאָג אייך. פאָרט אַהיים געזונטערהייט און שלאָגט זיך עס אַרויס פון קאָפּ. איך זאָג אייך איינמאל פאַר אַלע מאָל, אז דער שדוך געפעלט מיר כּלל וכלל נישט.

*

## 4) דער יורש.

א אָרימאַן איז געקומען צום גביר פון שטעדטיל נאָך א נדבה אויף חתונה צו מאַכען זיין טאָכטער, וואָס איז שוין עטליכע יאָהר א כלה. דער גביר האָט איהם געגעבען א שענע נדבה. אויף מאָרגען ווערט ער געוואָהר אז דעם אָרימאַן'ס טאָכטער די כלה איז שוין לאַנג געשטאָרבען, פערדריסט איהם שטאַרק די מעשה און ער שיקט רופען דעם אָרימאַן צו זיך.

— זאָג נור, שענער מענש — פרעגט איהם דער גביר מיט כּעס — וואָס ביסטו עס געקומען צו מיר נאָך א נדבה אויף דיין טאָכטער'ס חתונה, אז זי ליגט שוין לאַנג אין דער ערד ?

— איך פערשטעה אייך נישט, זאָלט איהר מיר געזונד זיין — ענטפערט דער אָרימאַן פערוואונדערט — מילא אז זי איז געשטאָרבען, נו דאַרפט איהר, הייסט עס, זיין דער יורש ? דאַכט זיך על פּי יושר, אויף צו זיין מיין טאָכטער'ס א יורש בין איך בילכער פון אייך...

*

## 5) איין און איינציגער חסרון.

א שדכן איז געקומען רעדען א יונגען־מאַן א שידוך מיט זיינע א בעקאַנטער בתולה, א אויסזעהעניש.

— איך פערשטעה אייך נישט — וואונדערט זיך דער חתן — ווי האָט איך נאָר געקענט ארויפקומען אויפ'ן זינען, אז איך וועל נעהמען אזא כלה ? סטייטש, זי איז דאָך גאָר א בלינדע...

— אַ חסרון איז דאָס ביי דיר ? — מאַכט דער שדכן — פֿערקעהרט, ס'איז גאָר אַ מעלה : זי וועט ניט קענען זעהן דיינע שענע חפצות.

— זי איז דאָך שטום אויך...

— דאָס איז אוודאי אַ מעלה ביי אַ ווייב : דו וועסט מיט איהר אָבלעבען ביז 120 יאָהר און קיין קללה קיינמאָל פֿון איהר מויל נישט הערען.

— זי איז דאָך טויב אויך...

— דאָס איז אויך אַ מעלה : דו וועסט קענען אַלע צייטען רעדען פֿאַר איהר אין די אויערען וואָס דו ווילסט, אַפֿילו שעלטען איהר מיט טוידטע קללות.

— זי איז דאָך קרום אויך...

— דאַרף מען האָבען נאָך אַ בעסערע מעלה דערפֿון ? דו וועסט זיך זיין אַ פֿרייער פֿויגעל און זי וועט דיר נישט קענען נאָכלויפֿען וואו די שטעהסט און גערהסט ווי אַנדערע ווייבער טהוען.

-- זי איז דאָך אַ האָרבאַטע אויך...

— וואָס־זשע וואלסטו געוואָלט, אַ שטיינער — זאָגט דער שדכן שוין מיט אַ בייזער -- זי זאָל זיין טאַקי שוין גאָר מיט אַלע מעלות, אָהן איין און איינציגען חסרון !

*

## 6) אַ טייערע סחורה.

ביי איינעם האָט מען געפֿרעגט זיין מיינונג אויף אַ יונגען־מאַן מכה אַ שדוך.

-- דער דאָזיגער בחור — ענטפֿערט יענער — דאַרף אוודאי נעהמען אַסך נדן, ווייל אַזאַ סחורה, דאַרפֿט איהר וויסען, איז זעהר טייער היינטיגע צייטען, צוליעב כַּמָּה טְעָמִים : אַ פֿערד וואָס פֿלעגט אַמאָליגע יאָהרען קאָסטען העכסטענס אַ 25־ער, דאַרף מען פֿאַר איהם היינט אַנידערלעגען אַ גאַנצען הונדערטער ; אַ חזיר וואָס די העכסטע פרייז פֿאַר איהם איז געווען אַ צעהן רובל־שטיק, קאָסט היינט אָב דריימאָל אַזוי פֿיעל ; און אַ בחור וואָס פֿלעגט אַמאָליגע צייטען נעהמען קוים 100 רובל נדן, נעהמט היינט עטליכע הונדערט. איצט זאָגט אליין וויפֿיעל קומט אָבצאָהלען פֿאַר דער סחורה, וואָס איז אי אַ פֿערד איינס אין דער וועלט, אי אַ חזיר וואָס זיין גלייכען איז ניטאָ, און דערצו נאָך אַ בחור אויך...

# גערדאנקען און אַפּאָריזמען.

אַ יוד וועט גיכער אַ בוך שרייבען איידער קויפען.

מענשען ווערען געבאָרען אָדער צו פריה, אָדער צו שפּעט, דער המון — שטענדיג צו דער רעכטער צייט.

דער גלייכער וועג איז דער קירצעסטער; וויפיעל קרומע מאַכט מען אָבער, איידער מע׳ געפינט דעם גלייכען וועג.

געדאנקען ווי בריליאַנטען לאָזען זיך בעהאַלטען; געפיהלען ווי פּאַרפומען לאָזען זיך באַלד דערפיהלען.

מיט נאַרישקייט אַליין קומט מען ניט דורך, מען דאַרף נאָך אַ ביסיל חוצפה דערצו.

הער אויס דעם חונף, און ווער אַזוי ווי ער זאָגט.

אַ פרוי ווערט אַלט, ווען זי הויבט זיך אָן יונגער צו מאַכען.

נישט יעדער קראַצט זיך אין קאָפּ ווייל ער קלערט.

דער געפעהרליכסטער שקר איז דער האַלבער אמת.

פאַר די ליטעראַטור צו לעבען איז שווער, פון דער ליטעראַטור אפשר שווערער.

פאַר אַ הונגערינגען איז אַ קאַלט שטיקיל פלייש פיעל וויכטיגער, ווי צעהן מאָס וואַרימע רייד.

רויט ווערען קען מען זיך נישט אויסלערנען, — פערלערנען — יאָ.

„DIE JÜDISCHE FAMILIE“ — Monatschrift.
Verlag „Achiasaf“. – Verantwortlicher Redacteur Josef Fischer, Krakau.
Druck von Josef Fischer in Krakau.